ש. ראזענפעלד

# השכלה באוועגונג
# בא יידען



ש. ראָזענפעלד

די

# השכלה=באַוועגונג
# באַ יידען.



ש. ראָזענפעלד.

# די
# השכלה־באַוועגונג
# בײַ ייִדן.

(פֿון משה מענדעלסזאָן ביז יצחק־בער לעווינסאָן).



וואַרשע 1920.

דרוקעריי ברידער חאָיציקעוויקש וואַרשאָ איזו. באַזאַר.

I.

## דאָס יאָרהונדערט פֿון אויפֿקלערונג.

עס איז ניט מעגלעך צו רעדען פון א וועלכער עס איז באַדייטענדער באַוועגונג באַ אונדז, יידען, און מען זאָל ניט מוזען זוכען איר אָנרעגונג אויסער אונדז. לעבענדיק צווישען די אייראָפּעישע פעלקער, איז אַלע גייסטיקע אָדער געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, וואָס שפּילען זיך אָפּ דאָרט, געפינען אַ שטאַרקערען אָדער שוואַכערען ווידערקלאַנג אויך באַ יידען. בלייבענדיק, אָבער, אין פיל פּרטים, אָפּגעשייט פון די אַרומיקע פעלקער, באַקומען די אַלע באַוועגונגען, אין אונדזערע פיר איילען, אויך אַן איינגענאַרטיקען כאַראַקטער. דער איבערפלעכלעכער באַטראַכטער נעמט דערום אָפּט אָן, אַז די איינע אָדער אַנדערע באַוועגונג אינ׳ם יידענטום, איז לחלוטין אַ זעלבסטשטענדיקע, וואָס וואַקסט פון-זיך-אויס אָהן יעדער יניקה פון אויסען.

דערפאַר האַלטען מיר עס פאַר נייטיק, איידער מיר וועלען אויספירלעך רעדען פון דער אויפקלערונגס-באַוועגונג באַ יידען, אין קורצע שטריכען אָנצייכענען די אויפקלערונגס-שטרעמונגען אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך—ווייל דאָרט זענען פאַרזייט די קערנער, פון וועלכע די יידישע אויפקלערונגס-באַוועגונג איז אויפגעוואַקסען. באַ יידען האָט זיך אָנגעהויבען אַ באַוועגונג צו אויפקלערונג, ערשט טיף אין דער צווייטער העלפט פון 18-טען יאָרהונדערט. באַ ניט-יידישע פעלקער האָט זיך די זעלבע באַוועגונג אָנגעהויבען מער ווי מיט א האַלב יאָרהונדערט פריער.

אויפקלערונג—דאָס איז געווען דער צייכען, דער לאָזונג פון 18-טען יאָרהונדערט.

אין באַגריף אויפקלערען ליגט: דאָס קלערען און קלאָר מאַכען און מיט׳ן שכל באַגרייפען די אַלע אמת׳ן, וועלכע זענען באַם מענטשען אָנגענומען בנוגע דער וועלט און אַלץ, וואָס אין איר קומט פאָר.

דערפאַר איז די אויפקלערונג, געפּאָרט מיט דעם ראַציאָנאַליזם. וואָס גילט אויך ווי אַ צו-נאָמען פאַר׳ן 18־טען יאָרהונדערט. דער ראַציאָנאַליסט (ראַציאָ—שכל) האָט געהאַלטען, אַז דאָס גאַנצע וויסען אונדזערס פון דער וועלט קאָנען מיר דערווערבען, בלויז מיט דער הילף פון לאָגישען דענקען. פאַקטען זענען דערביי אַן׳-איבעריקע זאַך—ווייל פאַקטען זענען נור אַ שוואַכע אָפּשפּיגלונג פון דער ווירקלעכקייט. דער ריינער שכל אָבער-דאָס לאָגישע דענקען,—דרינגט אַריין אין אמת׳ן תוך פון די זאַכען, דערגרייכט ביז צום מהות זייערן. ממילא קאָן אַ מענטש טרויען נור דעם שכל, נור דעם, וואָס ער באַגרייפט, פאַרשטייט און עס איז אים קלאָר. דערום מוז דער ראַציאָנאַליסט זיין ניט בלויז קיגען אַבערגלויבען, נאָר אויך קייגען גלויבען—אפילו אויפ׳ן געביט פון רעליגיאָן-אויב דער גלויבען שטיצט זיך אויף אַזוינע יסודות, וואָס זענען דערווידער דעם שכל, אָדער דער שכל קאָן ניט איינשטימען מיט זיי. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז בנוגע צו רעליגיע, צו רעליגיעזען גלויבען, מוז דער ראַציאָנאַליסט פאָדערען דאָס גרעסטע געדולד, אָדער טאָלעראַנץ—ווייל ניט אַלע מענטשען האָבען איין שכל, דערום איז מעגלעך, אַז אָן דעם, וואָס איינער גלויבט, קאָן דער אַנדערער ניט גלויבען—ווייל זיין שכל באַנעמט דאָס ניט. דערפאַר הערען מיר שוין אין ערשטען פערטעל פון 18-טען יאָרהונדערט, אַז טאָמאַזי (פּראָפעסאָר אין האַלער-אוניווערזיטעט) האַלט, אַז כפירה איז ניט קיין פאַרברעכען, נור אַ פאַרבלאָנדזשעניש, אָדער אַ טעות אין דענקען. דערפאַר איז דאָס איינציקע קאַמפּס-מיטעל קייגען כפירה — אויפקלערונג, איבערצייגונג אָבער

ניט קיין גוואַלט. „מיט גוואַלט, שרייבט טאַמאַזי, קאָן מען דעם מענטשען ניט איינגעבען ניט קיין גוטע זיטען און ניט קיין גוטע געדאַנקען. און די פירשטען האָבען כלל ניט צו זאָרגען דערפאַר, אַז זייערע אונטערטאַנען זאָלען אַריינקומען אין גן-עדן״. און אַ צווייטער ראַציאָנאַליסט פון דער זעלבער צייט, וואָלף, דער-קלערט, אַז דער ראַציאָנאַליזם איז לחלוטין ניט קיין שטער פאַר דער רעליגיאָן—ווייל אַלע רעליגיעזע „אני-מאמינ׳ס״, ווי, למשל, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, אַז די נשמה לעבט אויך נאָכ׳ן טויט פונ׳ם מענטשען א. ד. גל.—קאָנען זייער גוט באַווייזען ווערען מיט׳ן שכל. ס׳זענען אפשר פאַראַן אַזוינע רע-ליגיעזע אמת׳ן, צו וועלכע מ׳קאָן מיט׳ן שכל ניט דערגיין, ס׳איז אָבער אוממעגלעך, אַז זיי זאָלען ניט שטימען מיט׳ן שכל, זיי זענען אפשר „למעלה מן השכל״, אָבער ניט קייגען אים. מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז דער שכל וואָלט ניט געקאָנט אַרויס-ברענגען קיין מאָראַלישע נאָרמען, אַז נור די רעליגיאָן האָט זיי געקאָנט שאַפען—ווייל דאָס איז אַ טעות. די מענטשען וואָלטען געווען מאָראַליש, לויט די אָנווייזונגען פון שכל—אפילו ווען אין תנ״ך וואָלט ניט געשטאַנען בפירוש, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט. די הויפט-זאַך איז אין לעבען—די אינטעלעקטועלע (אינ-טעלעקט—שכל) ענטוויקלונג פון דער פערזענלעכקייט

וואָרום נור די פערזאָן, דער פרט, אָדער דאָס אינדיווידו-אום, איז דער רעאַלער קערן פון דער מענטשהייט, וועלכע באַ-שטייט פון אַ סך פרטים, וואָס זענען, לויט זייער מהות, גלייך איינער צום אַנדערען.

דאָס זענען אַלץ פאַרטרעטער פון דער טעאָרעטישער אויפקלערונג, טעאָרעטישען ראַציאָנאַליזם און טעאָרעטישען אינ-דיווידואַליזם.

די אויפקלערונג—און איניינעם מיט איר דער ראַציאָנאַליזם-און דער אינדיווידואַליזם—האָט אויך געהאַט אירע מעכטיקע פראַק-טישע פאַרטרעטער. אַזוינע פאַרטרעטער זענען געווען די אויפ-

געקלערטע אַבסאָלוטע מאָנאַרכען פון 18-טען יאָרהונדערט. פון דאָרט אויס זענען די אויפקלערונגס-אידעען פאַרפלאַנצט און פאַר-שפרייט געוואָרען, ווייט אַרום, אין די העכערע שיכטען פון דער באַפעלקערונג.

---

צוליב פאַרשידענע היסטאָרישע סבות, איז עס געווען אַ דרינגענדע צייט־אויפגאַבע, דאָס צעברעקעלטע דייטשלאַנד, וואָס האָט פאַרמאָגט הונדערטער זעלבסטשטענדיקע פירשטען און פיר-שטענטימער, צו פאַראייניגען אין איין דייטשער נאַציאָן. כדי דאָס דורכצופירען, איז נייטיק געווען אַ פעסטע האַנט, געפירט פון אַ שטאַרקען ווילען, וואָס זאָל אין זינען האָבען דאָס ווהיל און דאָס גליק פונ'ם גאַנצען, און זיך ניט לאָזען שטערען און אָראָפּפירען פון וועג, דורך אַנדערע ווילענס און זייטיקע אינטע-רעסען. דערצו איז נייטיק געווען, אַז די גאַנצע הערשאַפט אין לאַנד זאָל ליגען נור אין איין האַנט; אַז דער מאָנאַרך זאָל ניט מוזען טיילען זיין הערשאַפט מיט דער קירך פון אויבען, און ניט מיט די פריצים און קליינינקע פירשטען פון אונטען. נור דע-מאָלט וואָלט געקאָנט געשאַפען ווערען אַ שטאַרקע מלוכה. אָבער ניט נור דאָס אַליין. כדי צו באַקומען אַ שטאַרקע מלוכה, איז איך נייטיק געווען צו ענדערען אירע ווירטשאַפטלעכע פאָרמען. האָט מען געמוזט ענטוויקלען נייע באַדערפעניששען בײַ דער באַ-פעלקערונג און איר געבען די מעגלעכקייט זיי צו באַפרידיגען.

און די אויפקלערונג האָט פאַר די מאָנאַרכען געליפערט די מאָטיווען, וואָס זיי האָבען נייטיק געהאַט, כדי די אַלע דער-מאָנטע צילען צו דערגרייכען.

דורך דעם ראַציאָנאַליזם און זיין לאָגישען אויספיר,—דער טאָלעראַנץ, ווערט געבראָכען די הערשאַפט און די זעלבסטשטענ-דיקייט פון דער קירך. דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטער מאָ-נאַרך, פרידריך דער גרויסער—קעניג פון פרייסען—דערקלערט אָפען: „אַלע רעליגיאָנען זענען גלייך גוט פאַר זייערע אָנהענ-

גער״. „יעדע רעליִגיאָן מוז געדולדעט ווערען״ און „יעדער מענטש קאָן אויף זײַן פאַסאָן זעליִג זײַן״. און דער צווייטער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטער מאָנאַרך, יוסף דער צווייטער פון עסטרײַך, ערקלערט: „עס איז ניט ריכטיִק, ווען מען זאָגט: „אַ קעניִגטום פון גאָטעס-גנאַדען״. ווארום יעדער פויער קאָן זאָגען, אַז ער זיִצט אויף זײַן פלעק ערד „מיִט גאָטעס גנאַדען״. דאָס וועט זײַן ריִכטיִק, אָבער דאָס באַווײַזט גאָרניִט, און גיִט נאָך קיִין שום רעכט ניִט.

אַזוי אַרום האָט דער ראַציאָנאַליזם באַרעכטיִגט דעם „אויפגעקלערטען אַבסאָלוטיִזם״ צו אונטערדריִקען דיִ קיִרך, באַפרײַען זיִך פון איִר הערשאַפט, פון איִר פרושימ׳שער (אַסקעטיִשער) וועלט-אָנשויונג, באַפרײַען דאָס לעבען פון איִרע קייטען, ענטוויקלען נײַע באַדערפעניִשען באַ דער באַפעלקערונג, וואָס האָט געדיִנט וויִ אַ פאַקטאָר צו ענטוויִקלען איִנדוסטריע איִן לאַנד; אַזוי האָט דיִ טאָלעראַנץ באַרעכטיִגט דעם „אויפגעקלערטען אַבסאָלוטיִזם״ פון איִצט אָן זיִך צו באַנוצען אויך מיִט אַנדערשגלויביקע אומעטום, וווּ זייִ האָבען נור געקאָנט נוצלעך זײַן: אַלס זעלנער, קינסטלער, מײַסטער און פאַרשיִדענע פאַך-קענער.

צום אייגענעם ציִל פיִרט אויך דער איִנדיִוויִדואַליִזם.

ביִז דעמאָלט האָט געגאָלטען דאָס פעסטע גלויבען, אַז דער געטלעכער שכל האָט אײַנגעאָרדענט דיִ געזעלשאַפט איִן דיִ באַוווסטע דרייִ שטאַנדען: לער-שטאַנד (גײַסטלעכע), ווער-שטאַנד (ריִטער) און נער-שטאַנד (ערד-אַרבײַטער און בעלי-מלאכות, וואָס שאַפען נאַרונג פאַר דער באַפעלקערונג). דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיִזם ערקלערט: „ניין, ניִט דיִ שטאַנדען, נור דער מענטש, וויִ ער ווערט געשאַפען פון דער נאַטור, איִז דער רעאַלער קערן פון דער געזעלשאַפט. „באַם געבוירען ווערען, זאָגט יוסף דער צווייִטער, באַקומען מיִר אַלע, פון אונדזערע עלטערען, בלויז דאָס טיִריִשע לעבען. דערפאַר איִז פון נאַטור אויס קייִן חלוק ניִט צוויִשען קעניִג, דעם הער-

צאָג, דעם שטאָטישען בירגער אָדער דעם דאָרפישען פויער. די נשמה און דעם שכל באַקומען מיר פון גאָט; חסרונות און מעלות באַקומען מיר דורך אַ גוטער אָדער שלעכטער דערציִונג און פון די ביישפילען, וואָס מיר זעען אַרום זיך". און פרידריך דער גרויסער באַשטעטיגט דעם דאָזיקען געדאַנק, ווען ער זאָגט: „דער קעניג איז פונקט אַזאַ מענטש, ווי דער לעצטער פון זיינע אונטערטאַנען".

און אויב דער פרט, דער יחיד, אָדער דאָס אינדיווי־דואום ווי עס ווערט באַשאַפען פון דער נאַטור, איז דער רעאַלער יסוד פון דער געזעלשאַפט; אויב פון דער נאַטור אויס, איז קיין חלוק ניט צווישען קעניג און פויער, ממילא באַרעכטיגט דער אינדיווידואַליזם דעם „אויפגעקלערטען אַבסאָלוטיזם", ניט אָנצוערקענען די רעכט פון די פריצים אויף הערשאַפט, אויף לייב-אייגענטום און דערגלייכען רעכט, וועלכע שטאַמען ניט פון דער נאַטור פון מענטשען, נור פון דעם יחוס, פון דער אָפּשטאַמונג און דערגלייכען, איז ווי די מאַכט פון דעם אויפגעקלערטען אַבסאָלוטיזם דערגרייכט, באַפרייט ער די פויערים פון די פריצים. דערמיט ווערט בטל די הערשאַפט פון די פריצים, דערמיט ווערען די פויערים קויף-פעיִקער, און דאָס איז אַ גרויסע שטיצע פאַר דער ענטוויקלונג פון דער אינדו־סטריע, און אויך אַ גרויסער געווינס פאַר דער מלוכה-קאַסע.

צו די זעלבע צוועקען, ווערען די הויפען פון די אויפגע־קלערטע אַבסאָלוטע מאָנאַרכען אַ מין צענטר און שטיצע פאַר פילאָזאָפען, געלערטע, קינסטלער און ספעציאַליסטען אין מלוכה־ווירטשאַפטען. די מאָנאַרכען גופא זענען פילאָזאָפען און פּאָעטען. מאַכענדיק די קירך וואַכענדיק, ברענגט דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם דעם בירגער וועלטלעכע ליטעראַטור, גיבט ער פאַר'ן בירגער ווי אַ מאָדעל פון אויפקלערונג הן מיט זיינע אי־דעען, הן מיט זיין פרייער אויפפירונג, וועלכע ער לערנט דער־הויפט באַ די פראַנצויזען... דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם

שאַפט אויך נײַע פּאָליטישע מיטלען, ווי צו פּאָפּולאַריזירען זײַנע שטרעבונגען: צײַטונגען, פילאָזאָפישע טעאַטער-שטיק, פּאַמפלעטען און ענלעכע ליטעראַטור-ווערק. אין דעם פּרט קומט פאָר אַ קאָנקורענץ צווישען די קעניגלעכע הויפען. דער הויף, וואָס האָט זיך מער אויסגעצייכענט אין די פּרטים, דער האָט געהאַט מער שם, מער כבוד, מער געלד און מער ווירקונג און ממילא שוין, דערמיט גופא, געשטאַרקט די אידעע און די מאַכט פון'ם אַבסאָלוטען מאָנאַרכיזם. דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם האָט געמאַכט פיל רעפאָרמען אין דער מלוכה-אָרדנונג, האָט זיך באַמיט צו פאַרשפּרייטען בילדונג—דורך דער שול—אין דער באַפעלקערונג, און אַלץ האָט געדאַרפט פירען צום „אַלגעמיינעם גליק". אָבער אין וואָס באַשטייט דאָס אַלגעמיינע גליק?—דאָס האָט פאַרשטאַנען נור דער אויפגעקלערטער מאָנאַרך און זיינע אויפגעקלערטע יועצים. די אונטערטאַנען האָבען אַזוינע זאַכען ניט געקאָנט תופס זיין: צופיל איז יעדער פון זיי איינגעטונקט אין זיינע פּריוואַטע אינטערעסען, אַז ער זאָל קאָנען זיין אָביעקטיוו און פאַרשטיין, וואָס אַלעמענס גליק פאָדערט... די אינטערעסען פון דער קעניגלעכער פאַמיליע אָדער די „דינאַסטישע" אינטערעסען, טרעטען אָפּ אויף דעם צווייטען פּלאַץ. דעם ערשטען פּלאַץ פאַרנעמען די מלוכה-אינטערעסען. אָבער די דאָזיקע אינטערעסען קאָנען און דאַרפען געשטיצט ווערען בלויז פון'ם מאָנאַרך. דאָס פאָלק האָט קיין צוטריט ניט צום מלוכה-לעבען. זיין אויפגאַבע איז—געהאָרכען און אונטערטעניק צו זיין. דער אונטערטאַן דאַרף באַפרידיגען די באַדערפעניששען פון דער מלוכה, וועלכע ווערט איצט אַ זעלבסט-צוועק.

די אויפקלערונג שאַפט די טעאָרעטישע באַגרינדונג פאַר'ן אויפגעקלערטען אַבסאָלוטיזם. דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם גיט דער אויפקלערונג פלייש און בלוט און פאַרקערפּערט זי אין לעבען. אַ צײַט לאַנג גילט דער הויף פאַר'ן בירגער ווי אַ מוסטער פון גייסטיקער פרייהייט, רעליגיעזער גרינגשעצונג און מאָראַלי-

שער לייכטזיניקייט. דער בירגער טוט נאָך דעם הויף: אינטע-רעסירט זיך מיט פילאָזאָפישע פראַגען, רעליגיעזער קריטיק, פראַנצויזישער ליטעראַטור און פראַנצויזישע מאָדעס.

אָבער שוין צום סוף פון דער ערשטער העלפט פון 18-טען יאָרהונדערט, באַוויַיזען זיך מענטשען מיט אָפענע אויגען, וועלכע באַמערקען, ווי לעכערלעך דער דייטשער בירגער זעט אויס אינ'ם פרעמדען פראַק און אויסלענדישען פאַריק; ווי אומנאַטירלעך ער זעט אויס מיט זיין שטרעבען, דוקא אויפ'ן פראַנצויזישען פאַסאָן זעליג צו זיין. דעם אויפגעקלערטען אַבסאָלוטיזם ווערט אָנגעוויזען אויף דער סתירה צווישען זיין טעאָריע און זיין פראַקטיק. פון איין זייט פאַרלאַנגט ער צו שמידען אַ שטאַרקע, פאַראייניגטע דייטשע נאַציאָן; פון דער אַנדערער זייט אָבער לאַכט ער אויס אַלץ, וואָס דייטש איז. ער רעט פון אויפקלערונג פאַר אַלע, שטיצט אָבער בלויז יענע ליטעראַטור, וואָס איז צוגענגלעך פאַר די אויבערשטע שיכטען פון דער באַפעלקערונג. ער פרעדיגט דעם אינדיווידואַליזם, ד. ה. אַז בלויז דער פרט, דאָס אינדיווידואום איז דער רעאַלער קערן פון דער געזעל-שאַפט, און אויף דעם סמך וויל ער בויען דאָס „אַלגעמיינע גליק", ווו פון יעדען פרט ווערט געפאָדערט איינצוצוויקען זיי-נע פריוואַטע אינטערעסען און פאַרלאַנגען, אין נאָמען פון דער אַלגעמיינהייט, פון כלל, פון מלוכה. אָט די אָפּאָזיציע קאָנצענ-טרירט זיך אין די זשורנאַלען, וואָס יאַקאָבי גרינדעט אין בער-לין אין אָנהויב פון דער צווייטער העלפט פון 18-טען יאָרהונ-דערט. די זשורנאַלען זענען באַרעכענט אויף די בריימע בירגער-לעכע קרייזען. פאָפולער-וויסענשאַפטלעך ווערט דאָ גערעט, אויף דייטש, וועגען אַלע פראַגען, וואָס האָבען אַ שייכות צום לע-בען און צו דער אויפקלערונג. אַרום די זשורנאַלען גרופירט זיך אַ גאַנצער קרייז פילאָזאָפען, ריכטיקער: פאָפולערע פילאָזאָפען, ווי אַבט, לעסינג, מענדעלסזאָן און אַנדערע. אויך זיי בלייבען טריי דעם ראַציאָנאַליזם. אויך זיי בויען אַלץ, אויפ'ן „געזונטען

מענטשען-פארשטאַנד". אָבער דאָס לעבען און די פאַקטען שפּילען אויך שוין אַ ראָלע אין די אויספאָרשונגען פון זייער דענקען. פון דעם אינדיווידואַליזם טרעטען זיי אינגאַנצען אָפּ. דעם ערשטען פּלאַץ פאַרנעמט די געמיינשאַפט, דער כלל, וואָס דער פרט איז נור אַ גליד פון איהם. זיי באַמיהען זיך איינצופלאַנצען דעם דייטשען בירגער דעם ווילען—דייטש צו לערנען און דייטש צו לעבען. זיי באַמיהען זיך אַריינצוטראָגען מער רעאַליזם אין דער ליטעראַטור, מער נאַטירליכקייט אין לעבען און פילען מער ערנסט און אויסגעהאַלטענקייט אין דענקען און האַנדלען. אויב רעליגיעזע טאָלעראַנץ איז ניט בלויז אַ פוסט וואָרט, דאַן מוזען אַלע רעליגיאָנען גלייך זיין, דאַרף ניט זיין קיין פּלאַץ פאַר קיין הערשענדער רעליגיאָן; אויב אַלע מענטשען זענען גלייך, דאַן דאַרפען אַלע גלייך זיין אין זייערע רעכט. דאַן קאָן די מלוכה ניט מאַכען קיין חלוק צווישען מענטשען פון איין פאָלק און מענטשען פון אַן'אַנדער פאָלק.

ווי לאַנג דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם איז טעטיג געווען—געמאַכט רעפאָרמען, פאַרשפּרייט אויפקלערונג—דערהויפּט פראַנצויזישע,—געפירט קריג, איינגעפלאַנצט און געהאָלפען וואַקסען דער אינדוסטריע, און די געזעלשאַפט איז געווען אין שטענדיגער באַוועגונג,—האָט די דערמאָנטע גרופּע געווירקט אַלס אָפּאָזיציע, און געהאַט פיל אָנהענגער און אַ גרויסע ווירקונג. אָבער צום סוף פון די 70-קער יאָרען, הערט כמעט אינגאַנצען אויף די רעפאָרם-טעטיגקייט פונ'ם דעמאָלטיגען פּרייסישען קעניג פרידריך דעם גרויסען. איינצעלנע, און די וויכטיגסטע מענטשען פון דער גרופּע, שטאַרבען אויס. די געזעלשאַפט קומט צו אַ רוהיצושטאַנד. די געשאַפענע אָרדנונג ווערט פאַרהאַרטעט, „פאַרקילט" און דאָס איינערליי הייבט אָן צו דריקען אויף דער געזעלשאַפט. אויב פריהער האָט זיך דאָס בירגערטום ניט באַטייליגט אין מלוכה-לעבען, הערט דאָס איצט אויף אפילו נור זיך צו אינטערעסירען דערמיט. עס פאַלט אויך דער אינטערעס צו פי־

לאָזאָפישע און רעליגיעזע פּראָבלעמען באַ דער אינטעליגענץ. דער אינטעליגענט איז ווי מיד געוואָרען פון דענקען, און ער הייבט אָן צו זוכען רו אין פילען און אין געפילס-לעבען. דער אינטעליגענט פּאַרטיפט זיך אין זיך, גריבעלט זיך אין זיינע אינ-דיווידועלע איבערלעבונגען און שטימונגען. דער דראַנג צו גע-זעלשאַפטלעכקייט, ווערט באַפרידיגט אין אַנ׳ענגען קרייז פון באַ-קאַנטע. עס קומען אויף קרייזלעך און סאַלאָנען. די מענטשען ווערען סענטימענטאַל. דאָס אויסלייגען די אינדיווידועלע געפילען פאַר אַנ׳ענגען קרייז אינטימע פריינד, ווערט אַ מין קולט. אין די דאָזיקע קרייזלעך און סאַלאָנען זענען אַלע אָפּענאַרציק; „וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג", „מען טראַכט אויפ׳ן קול" און יעדער אייַנציקער מיטגליד, פון אַזאַ אינטימער געזעלשאַפט, מוז קאָנען איבערגעבען זיינע איבערלעבונגען און האָבען זין און אַנ׳אָפען האַרץ פאַר די איבערלעבונגען פון אַנ-דערע.

און דאָ קומט פון פראַנקרייך דער לאָזונג: „צוריק צו דער נאַטור!" די אַלע קינסטלעך-געשאַפענע נאָרמען און כללים, וואָס צאַמען דעם מענטשען אויף טריט און שריט, מוזען בטל ווערען! ניט אין דער קולטור, נור אין דער נאַטור דאַרף דער מענטש זוכען זיין באַשטימונג; ניט אין איבערגעשפּיצטען קלוגען זיך ליגט דעם מענטשענס גליק, נור אין נאַטירלעכען געפיל.

די דאָזיקע לערע, וואָס שטאַמט פון רוסאָ, האָט אין דייטשלאַנד געווירקט ווי בוימייל אויף פייער. עס קומט אויף אַ ריכטונג, אין דער ליטעראַטור און אין לעבען, וווּ דאָס גע-פיל שפּילט די הויפּט-ראָלע. דאָס געפיל, ווי אַ נאַטירלעכע אונ-געצוימטע מאַכט, וואָס ברעכט אַלע הערשענדע לעבענס-נאָרמען, לאַכט אויס אַלע אויטאָריטעטען און אָנערקענט נור זיך. די צייט איז באַוווּסט מיט׳ן נאָמען: „שטורם און דראַנג-צייט". אַ מין שטורם-העלד איז אויפגעשטאַנען, ווי אַ לעבעדיקער פּראָטעסט קעגען אַלץ, וואָס באַגרענעצט דעם מענטשענס ווילען, דערהויפּט

זײַן תּאווה. פרײַ ווי דער שטורם-ווינט איז דאָס געפיל; דאָס איז איצט דער שטענדיק אומרויִגער, רעוואָלוציאָנערער עלעמענט. דאָס געפיל איז דער מענטש. אַלץ, וואָס די קולטור האָט אָנגעזאַמעלט, מוז צעשטערט ווערען, אַלץ דאַרף אײַנגעאָרדענט ווערען אין גײַסט פון דער נאַטור, אַלץ דאַרף לעבען אַזוי, ווי די נאַטור האָט עס געשאַפען. נאַטור, נאַטירלעכקייט און אינסטינקט—דאָס זענען די פּרינציפּען, וואָס אין זייער נאָמען האָט די שטורם- און דראַנג-אינטעליגענץ, פּראָטעסטירט קעגען דער עקזיסטירענדער אָרדנונג אין אַלע אירע פּרטים. די שטורם-העלדען שטעלען אין צענטר פון דער מענטשהײַט, דעם כּח, אָבער ניט דעם געוועגלעכען, נור דעם זשעני, דעם שטורם-העלד. ער האָט רעכט אויף אַלץ, דאַרף זיך בײַ קיין גרענעץ ניט אָפּשטעלען. געניאַליטעט און אָריגינאַליטעט—דאָס זענען די צילען, צו וועלכע די דאָזיקע אינטעליגענץ שטרעבט.

און די „שטורם- און דראַנג"-אינטעליגענץ האָט זיך אירע פילאָזאָפען, וועלכע באַווײַזען—ווי האַמאַן,—אַז דער אינסטינקט פון'ם זשעני ענטדעקט אים אַלע אמת'ן, אָבער ניט דער שכל, ניט דאָס שטודירען און ניט דאָס זאַמלען פאַקטען. זי האָט אויך אירע גײַסטלעכע, פאַנאַטיקער און מיסטיקער—ווי לאַפאַטער—וועלכע זענען איבערצײַגט, אַז דורך שטאַרקען, רעליגיעזען גלויבען קאָן מען ווונדער באַווײַזען. זי האָט אויך אירע פּאָעטען, ווי די יונגע געטע און שילער—און אַלע אינײַנעם פּראָטעסטירען קעגען דעם שאַבלאָן, קעגען דער אַלטעגלעכקייט און קעגען דער טראַדיציע, וואָס אין זייער נאָמען געשיט אומגערעכטיקייט צו די געני-אַלע נאַטורען,—ווײַל זיי ווערען געשטערט אין זייערע שטרע-בונגען צו באַפרידיגען זייערע געפילס-באַדערפעניסען. אין אמת'ן אָבער, איז קיין „פאַרברעכען" קיין פאַרברעכען ניט—אויב עס ווערט געטון, כּדי צו דערפילען די פאָדערונג פון'ם סטיכישען אינסטינקט, שטאַרקער תּאווה און שטרעבען צו גענוס.

אין די 90-קער יאָרען קומט דער ראָמאַנטיזם און פאַרבײַט

דעם „שטורם- און דראַנג". אויך דער ראָמאַנטיזם פאַרגעטערט דעם נאַטירלעכען אינסטינקט און די תאוה, אָדער דאָס געפילס-לעבען. „אַלץ, וואָס דיסציפּלינירט, שטערט, שטעלט דעם מענטשען אין געוויסע גרענעצען—איז טויט". ער מאַכט נאָך אָבער אַ שריט נידעריקער פון דעם שטורם־העלד. דער ראָמאַנטיזם דערקלערט, אַז „טעטיקייט און נוצלעכקייט—דאָס זענען די צוויי מלאכים מיט די פייערדיקע שווערדען, וואָס לאָזען נים דעם מענטשען אַריינקומען אין גן-עדן אַריין". „צ י ל ל אָ ז י ק י י ט—דאָס איז דאָס איינציק-פאַסיקע לעבען פאַר'ן אויסדערוויילטען מענטשען".

ערשט צום סאַמע סוף פון 18-טען יאָרהונדערט קומט דער גרויסער פּראָטעסט קעגען דער געפילס-וואַקכאַנאַליע. פון דאַן אָן בעמט אָן די דייטשע אויפקלערונג אַ וויסענשאַפטלעכען כאַראַקטער.

און דער יידישער מצב אין יענער צייט?

---

דער 30-יאָריקער קריג—פון 1618 ביז 1648—וואָס האָט חרוב געמאַכט דייטשלאַנד, האָט אויך אונטערגעגראָבען דעם עקאָנאָמישען יסוד פונ'ם דייטשען יידענטום. דער שלום, וואָס איז נאָכ'ן קריג געשלאָסען געוואָרען—אין יאָר 1648—האָט באַפרייט די קלײנע דייטשע מדינות פון דער אויבערהערשאַפט פון קייזער. און דאָס איז אַ גרויס אומגליק געווען פאַר יידען. וואָרום פריער פלעגט אַמאָל דער קייזער אָפּשאַפען די גזירות, וואָס די קלײנע דייטשע פירשטען פלעגען גוזר זיין אויף דער יידישער באַפעלקערונג, אין זייערע לענדער. פון איצט אָן אָבער, האָט יעדער פירשט באַהאַנדעלט די יידען אין זיין מדינה אַזוי, ווי אים איז ווילגעפעלען, און עס איז אפילו נים געווען צו וועמען צו אַפּעלירען. אין יעדען לאַנד זענען געווען בלויז באַשטימטע שטעט, ווו עס איז דערלויבט געווען אַ באַגרענעצטער צאָל יידען צו וווינען. אָבער אפילו אין די שטעט, האָבען זיך יידען געמעגט געפינען נור אין באַשטימטע גאַסען (געטאָ'ס), זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין די דאָזיקע גאַסען, איז די ענג-

שאַפט געווען זייער גרויס. גאַנצע פאַמיליעס האָבען זיך באַנוגענט מיט איין צימער ערגעץ אין אַ קעלער, אָדער „אונטער אַ דאַך“. די געסאָ-לופט איז געווען אומדערטרעגלעך. דאָס האָט געבראַכט צו אָפטע עפּידעמיעס צווישען דער יידישער באַפעלקערונג. מחמת דער פאַר'סמ'טער לופט האָבען די געטאָ-איינוואוינער שטענדיק געהאַט אַ קרענקלעך אויסזען, און פיזיש שוואַך געווען. דערצו זענען ס'רוב פון אָט די יידען געווען גרויסע אָרעמעלייט. נור מיט גרויס מי און נאָך גרעסערע בזיונות, האָבען זיי זייער שטי-קעל ברויט פאַרדינט. די גאַנצע וואָך פלעגען זיי אומוואַנדערען איבער די דערפער מיט'ן פּאַק סחורה אויף די פּלייצעס, און זוכען דעם קונה. דערביי איז דער ייד, געפינענדיק זיך אין די דערפער, כלל ניט זיכער געווען מיט זיין ביסעל פאַרמעגען, מיט זיין געביין און אפילו מיט'ן לעבען. קליין און גרויס האָבען זיך איבער אים לוסטיק געמאַכט. ווו די אייגענע כחות האָבען ניט גענוגט, האָט מען אויף אים הינד אָנגערייצט. אין פיל ערטער האָט מען שטאַרק אַכטונג געגעבען, אַז די יידען זאָלען זיך ניט צופיל מערען, האָט מען נור אַ באַשטימטע צאָל יידישע חתונות דערלויבט אין יאָר. געוועהנלעך האָט מען נור דעם בכור, אין יע-דער משפחה, דערלויבט חתונה צו האָבען, אָבער די איבעריקע קינדער שוין ניט. דערביי זענען אויף יידען געלעגען פאַרשי-דענערליי אָפּצאָלונגען, וועלכע האָבען שווער געדריקט אויף זיי אי מאַטעריעל, אי גייסטיק.

דאָס מאַטעריעלע לעבען באַשטימט אויך, אין אַ גרויסער מאָס על כל פנים, דאָס גייסטיקע לעבען פון די דייטשע יידען. אינגמיטען דעם 17-טען יאָרהונדערט זענען די דייטשע יידען באַ-וווסט געווען מיט זייער פרומקייט און פאָרזיכטיקייט אפילו בנוגע צום קלענסטען יידישען מנהג. אין דעם פרט איז קיין שום חלוק ניט געווען צווישען זיי און די פוילישע יידען. נור זייער יידישקייט טרוקען, און מעכאַניש איז דערפילט געוואָרען. אַ שווערער וואָלקען פון רעליגיעזער מרה-שחורה איז אויף זיי

געלעגען, און זיי פאַרשטערט דעם קלענסטען פאַרגעניגען פון לעבען, וואָס איז אויך אָהן דעם געננוג ביטער געווען. כמעט דרייפערטעל, פון אונדזער שלחן־ערוך, פאַרנעמען די מנהגים, וואָס זענען געווען אָנגענומען באַ די יידען אין דייטשלאַנד—מנהגים פון כשר און טריף, כשר און פסול, אַ ברכה מאַכען און געוויסע תפילות צו זאָגען. אין די אַלע זאַכען האָבען זיי מקפיד געווען ביז „אַ פינטעלע פון ייד". יעדע קהלה האָט זיך געהאַט איר פעסטען סדר, אפילו בנוגע צו זאָגען דעם אָדער יענעם שטיק פיוט אין אַזאַ אָדער אַנדער שבת, צי יום־טוב, און ווי אַזוי דער סדר ביים זיך, אויב, למשל, דער ערשטער טאָג יום־טוב פאַלט אויס אום שבת... און אין דעם אַלצדינק זענען זיי אָפּגעהיט געווען אַזוי ווייט, אַז אויב עס זענען זיך אין איין שטאָט צונויפגעקומען עטלעכע יידען פון אַן אַנדער שטאָט, פלעגען זיי מאַכען אַ מנין פאַר־זיך, כדי צו דאַוונען לויט דעם נוסח, וואָס איז אָנגענומען באַ זיי אין דער היים.

ווי עס איז שוין באַמערקט געווען, האָט דער ייד געווּסט נור פון עונג־שבת, אָדער עונג־יום־טוב—די איינציקע טעג, ווען ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפען דעם עול פון פרנסה. אָבער דעם עול פון גלות, האָט ער אפילו אין די טעג אויך ניט אַראָפּגעוואָרפען פון זיך. און דער עונג־שבת איז אויך געווען אַ רעליגיעזער תענוג און ניט פריי פון מרה־שחורה. דערפאַר איז דער ייד ניט זיכער געווען, אַז אפילו מיט דעם ביסעל פאַרגעניגען, וואָס ער האָט זיך דערלויבט „על פי דין", זאָל ער זיך ניט האָבען פאַרזינדיגט. האָבען די דייטשע יידען אויך אָט די אפשר׳דיקע זינד שווער אויסגעקויפט: נאָך יעדען יום־טוב, האָט יעדער פרומער ייד געהאַט צו פאַסטען דריי תעניתים: מאָנטיג, דאָנערשטיג און מאָנטיג (בה״ב).

קיין שום אַנדערע יידען, אויסער די דייטשע, האָבען פון אַזוינע תעניתים ניט געוווּסט.

צוליב דער אומזיכערקייט און אומאָרדנונג אין לאַנד בעת׳ן

דערמאָנטען קריג, צוליב דעם גרויסען דלות נאָכ׳ן קריג,—זענען בטל געוואָרען אַלע גרויסע ישיבות, וואָס האָבען הונדערטער יאָרען עקזיסטירט אין דייטשלאַנד. דער שטייגער: „ייִדען זיצען און לערנען״, האָט כמעט לחלוטין אויפגעהערט. פון אינטערעסי-רען זיך מיט וועלטליכע למודים, האָט גאָר קיין רייד ניט גע-קאָנט זיין. ניט מען האָט אין דייטשען געטאָ געהאַט אַ ידיעה פון אַזוינע זאַכען, און ניט האָבען וועלטליכע למודים פאַר די ייִדען געקאָנט נוצליך זיין. דער דלות האָט בכלל שווער געמאַכט דעם ייִדען זיך צו פאַרטיפען אין אַ וועלכען ס׳איז למוד. נור שבת און יום-טוב האָט נאָך דער דייטשער ייד „אַריינגעקוקט אין אַ ספר״. אָבער דער ספר האָט אים ניט אָנגעשטרענגט. דאָס איז דערהויפט געווען אגדה און מדרש, וואָס זענען גרינג פּאָע-טיש און אָנציענד. פאַר יענע, וואָס האָבען קיין העברעיש ניט פאַרשטאַנען, האָט מען איבערגעזעצט דעם חומש מיט די הפטרות אויף „עברי-טייטש״, די שפּראַך, וואָס ייִדען האָבען גערעט. די איבערזעצער האָבען עס פאַרשטאַנען, אין דער איבערזעצונג אַריינצופלעכטען די פיינסטע אגדות און מדרשים, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו די סדרות, דערצו איז צוגעקומען דער מנורת-המאור עברי-טייטש, דער „צאינה וראינה״ און מיט אָט דער כּיף-נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, האָבען זיך געשפּייזט די פּשוט׳ע ייִדען און נאָכמער די פרויען. דאָס איז געווען זייער יום-טוב׳-דיק שפּייז, אין זייער גרוי-וואָכעדיק לעבען. פון דאַנען האָבען זיי געשעפּט נחמה אויף זייערע גרויסע ליידען, דאָס איז געווען דער קוואַל פון זייערע האָפנונגען און דער אוצר פון זייער גייסטי-קער בילדונג, די ייִדישע פרויען זענען געווען „כשר׳ע צנועות״. זיי האָבען זיך ניט געפּאַרבט און ניט געפּוצט און אָן אַ זייט ניט געקוקט. זייער לעבענס-אויפגאַבע האָבען זיי געזען אין דערציִען זייערע קינדער אין גוטער ייִדישקייט און גאָטספאָרכטיקייט.

פון זינט אין פּוילען האָבען זיך אָנגעהויבען די גזירות ת״ח (כמעלניצקי׳ס צייטען), האָט דאָס אָרעמע, פאַרהאָרעוועטע

און מרה-שחורה׳דיקע דײַטשישע ייִדענטום, אָנגעהויבן בײַסלעכ-ווײַז באַקומען אַן׳אַנדער אויסזען. צוליב די גזירות, שחיטות און תליות מצד די קאָזאַקען, האָבן פיל פוילישע ייִדען איוועקגע-וואָרפען זייערע אײַנגעזעסענע ערטער אין פוילען, און אַנטלאָפען קיין דײַטשלאַנד. אָרעם זענען די ייִדען אין דײַטשלאַנד געווען, זיי האָבען אָבער פאַרמאָגט געגוג ברייִדערלעך געפיל צו די פאַר-פאָלגטע פוילישע ייִדען און זיי מיט גרויסער פריינדשאַפט אָנגע-נומען. צווישען די אָנגעלאָפענע זענען געווען אַ סך ייִדען גרויסע לומדים, חשוב׳ע ייִדען און גרויסע מיוחסים, די היימישע ייִדען האָבען זיך באַצויגען מיט גרויס אַכטונג צו די אימיגראַנטען, און בײַסלעכווײַז האָבען די פוילישע ייִדען אָנגעהויבען ווירקען אין זייער גײַסט אויף דעם דײַטשישען ייִדענטום. אין פרומקייט זענען די גרים ניט געשטאַנען נידריקער פון די אַלטגעזעסענע. אין לומדות און אין קענטשאַפט זענען זיי געשטאַנען העכער פון די היימישע ייִדען. און נאָך אַ מעלה האָבען די פוילישע ייִדען געהאַט: זיי זענען ניט געווען אַזוי מרה-שחורה׳דיק ווי די דײַטשע ייִדען. קיין וווּנדער ניט. יאָרען-לאַנג האָבען זיי אין פוי-לען געהאַט, דעם ערך נאָך, אַ גוט לעבען. אין זייערע אינעווייַ-ניקסטע אָנגעלעגענהײַטען האָבען זיי געהאַט, כמעט, פולשטענדי-קע אויטאָנאָמיע און נישט געוווּסט פון צוואַנג. דאָס לעבען אויף דער וועלט איז נישט געווען פאַר זיי בלויז אַן׳אָפּקומעניש פאַר די זינד. דער עול פון גלות, דאָס געפיל פון אײַנזאַמקייט צווי-שען די פעלקער, איז נישט געווען אַזוי טיף אײַנגעוואָרצעלט אין זייערע הערצער, ווי בײַ די דײַטשישע ייִדען. זיי האָבען אויך געהאַט דרך ארץ פאַר גרויסע ייִדען, וועלכע האָבען אויסער תלמוד, געהאַט אַ יד אויך אין וועלטלעכע וויסענשאַפטען און גע-האַט אַ חוש פאַר טיפע למודים. און פון דער צײַט אָן, וואָס זייער ווירקונג אויף די דײַטשישע ייִדען ווערט ניכר, הייבען-אָן די גרויסע ייִדישע קהלות אין דײַטשלאַנד אַראָפּצובּרענגען רבנים-גאונים פון פוילען. ווו ס׳זענען נייטיק געווען מלמדים-מופלגים,

נעמט מען זײ פון פוילען. די דאָזיקע פאַרבינדונג צווישען דעם דײַטשישען און פוילישען ייִדענטום ווערט נאָך גרעסער צום סוף פונ'ם 17־טען יאָרהונדערט. די שפורען פון דער שרעקלעכער מלחמה ווערען ביסלעכווײַז פאַרגלעט. דאָס לאַנד הייבט-אָן קומען צו זיך. עס קומט אויך אַ בעסערונג אין ייִדישען מצב. עס קומען אויף וווילהאָבענדיקע ייִדען, עס באַווײַזען זיך אָפט ייִדען-גבירים. איינגיינעם מיט דער רײַכקייט, שטײַגט אויך די תאוה צו כבוד. און כבוד האָט דער דעמאָלטיקער ייִד געזוכט נור אַרום דער תורה. און ווידער קומען אויף בתי־מדרשים, וווּ ייִדען זיצען און לערנען, און בחורים, וואָס גיבען-זיך-אָפ צום לערנען, ווערען אויסגעהאַלטען. אָבער די וואָרטפירער אין דער אויפלעבונג זענען די פוילישע ייִדען. זיי טראָגען-אַרײַן אַהער טעמפעראַמענט, לעבעדיקייט אין זענען, אַזוי צו זאָגען, די „הייוועז" אינ'ם דײַטשישען ייִדענטום. זיי ברענגען אַלץ אין אַ צושטאַנד פון געהרונג. די פריערדיקע פאַרגלײַווערטקייט פאַרשווינט אַלץ מער און מער. אין די פאַרשטיינערטע זײַלען הייבט-זיך-אָן צו באַווײַזען אַ לעבעדיקער אָטעם. און, אַז עס הייבט זיך אָן די השכלה-באַוועגונג, זענען די פוילישע ייִדען די ערשטע פאָרקעמפער אירע—אי טעאָרעטיש, אי פראַקטיש. טעאָרעטיש—ווײַל זייערע וואַכע נאַטורען האָבען זיי בכלל פעיִק געמאַכט אויפצונעמען יעדע נײַע באַוועגונג, אָדער שטרעבונג, וואָס איז אויפגעקומען אין זייער סביבה. פראַקטיש—ווײַל אַרויסגעריסען פון דער היים, איז זיי פסיכאָלאָגיש גרינגער געווען צו ברעכען מיט דער טראַדיציע, וואָס האַלט זיך, אין פיל פאַלען, אויפ'ן „שטאַט" און אויף „עס פאַסט", אָדער „עס פאַסט ניִשט", און אָנהייבען פירען אַ נײַעם שטייגער לעבען.

און סמנים פון אַזאַ שטרעבונג הייבען-זיך-אָן צו באַווײַזען אין צווייטען פערטעל פון דעם 18-טען יאָרהונדערט. עס איז שוין באַמערקט געווען, אַז אין דער צײַט האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון ייִדען אָנגעהויבען צו בעסערען. הגם פאָליטיש

זענען זיי אויך דעמאָלט נאָך געבליבען אויף דער אייגענער שפל'ער מדרגה, וואָס פריער, האָבען זיך דאָך שוין געפונען יחידים, גרויסע גבירים, וועלכע האָבען געקאָנט אויס'פועל'ן פאַר זיך געוויסע רעכט, און אַמאָל עפּעס אויפטון פאַר'ן כלל אויך. אין דער אייגענער צייט הייבען-זיך-אָן צו הערען איינצעלנע, צעוואָרפענע דייטשישע שטימען, וועלכע פאָדערען צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע. אָט די לעצטע פאַלען, מאַכען פול דאָט אָנגעוויטיקטע יידישע האַרץ, מיט אַ וואַרעם געפיל פון דאַנקבאַרקייט. ער הייבט-זיך-אָן מיט אינטערעס צוצוהערען צו דעם, וואָס עס ווערט גערעט און געטון דאָרט, פון וואַנען ער האָט ביז־איצט, קיינמאָל, קיין גוט וואָרט נישט געהערט. און דער נאַטירלעכער פאַרלאַנג דערוועקט זיך אין אים: זיך מקרב-צו-זיין צו יענע, וועלכע הייבען-אָן אים גוטס צו פאַרלאַנגען, נישט זיין אַזוי אָפּגעשייט און פאַרפרעמט צו זיי, סיי אויסערלעך, סיי אינערלעך. און ענג הייבט-אָן ווערען דעם יידען אין זיינע פיר איילען, און עס שטאַרקט זיך אין אים דער פאַרלאַנג: אין דער ברייטער וועלט אַ פוס צו שטעלען—אי פיזיש, אי גייסטיק. עס הייבען־זיך-אָן צו באַווייזען די ערשטע שוואַלבען פון דער נייער צייט. עס באַווייזען זיך איינצעלנע מענטשען, וואָס קענען אייראָפּעישע שפּראַכען און זענען באַהאַוועגט אין פרעמדע ליטעראַטורען; אַנדערע באַקומען אַ גוטע פילאָזאָפישע בילדונג און קומען אין לייכטער באַרירונג מיט דייטשישע אינטעליגענטען, די רייכע יידען, די סוחרים, הייבען-אָן צו קומען אין פאַרקער מיט מענטשען פון זייער גראַד, שוין נישט בלויז אין ריין-סוחר'ישע אָנגעלעגענהייטען. די מלוים, אין זייערע באַציונגען צו מיליטער- און הויף-לייט, באַמיען זיך וועגען דעם, אַז זייערע קליענטען זאָלען קאָנען זען אין זיי נישט בלויז דעם פּראָצענטניק, נור אויך דעם מענטשען מיט זיינע קולטור-באַדערפעניסען און קולטור-לעבען. אויב די זין מוזען שוין פון דער יוגענט־אָן אַריינגעצויגען ווערען אין געשעפט, לאָזט מען בילדען

די טעכטער, וועלכע האבען־אָן צו אַראָפּפירען, אויסערלעך על-כל-פנים, דאָס שטוב-לעבען פון זייערע רייכע עלטערען. און די יידישע טעכטער ווערען אינגיכען אַ „שם־דבר” מיט זייער גוטען פראנצויז-רעדען, קלאַוויר-שפּילען, פיינעם באַנעמען און גראַציעזען אונטערהאַלטען-זיך מיט די נישט-יידען, וועלכע פלעגען געשעפטלעך פאַרקערען מיט זייערע עלטערען. נעמען מיר נאָך אין באַטראַכט די התעוררות צו טעאָרעטישער בילדונג, און צו קענען גוט העברעיש, וואָס איז פון פוילען אַלץ מער און מער אַהערגעקומען—און מיר האָבען דאָ אַלע סבות, וואָס האָבען געבראַכט דערצו, אַז דאָס יידענטום אין דייטשלאַנד, און דערהויפּט אין בערלין, הערט זייער אַ גינסטיקער באָדען פאַר די השכלה־זאַכען, וואָס זענען, פון פריער שוין, אַרום-און-אַרום פאַרזייט געוועזען.

אָט אַזוי ווערען בּיסלעכווייז, אין אַ משך פון צענדליקער יאָרען, געוועבט די פעדים, וואָס ציען זיך פון אויסען צו אינווייניק, פון דער אַלגעמיינער אויפקלערונג צום יידענטום.

און אין אָנהייב פון דער צווייטער העלפט פון 18-טען יאָרהונדערט זענען שוין גרייטבאַר אויך יענע פעדים, וואָס ציען זיך פון יידענטום צו דער אַלגעמיינער אויפקלערונג. אין דייטשישען פילאָזאָפען־קרייז, וואָס איז פריער דערמאָנט געוועזען, טרעפען מיר אויך שוין אַ יידישען מיטאַרבעטער און מיטווירקער פאַר דער דייטשישער אויפקלערונג און אויפלעבונג. דאָס איז געוועזען משה מענדעלסזאָן.

## II.

# משה מענדעלסזאָן.

---

משה בן מנחם מענדעלסזאָן איז געבוירען געוואָרען אין דעסוי, דעם 6-טען סעפּטעמבער 1729 (י"ב אלול ת"פ"ט). זיין פאָטער איז געווען אַ סופר, ד. ה. אַ ייד, וואָס פלעגט שרייבען ספרי-תורות, תפילין און מזוזות. און פיל אייגענשאַפטען, וואָס כאַראַקטעריזירען דעם אַמאָליקען סופר, האָט מענדעלסזאָן פון זיין פאָטער געירש'נט.

וואָרום מיט 200 יאָר צוריק, ווען דער רעליגיעזער גייסט האָט אַדורכגעדרונגען דאָס גאַנצע יידישע לעבען; ווען די רעליגיע האָט רעגולירט יעדען שריט פון יידען אי אין שטוב, אי אין גאַס, אי אין זיין באַציהונג צו דער פאַמיליע, אי אין זיין באַציהונג צו דער געזעלשאַפט — דעמאָלט איז יעדער איינציקער ייד, וואָס האָט, לויט זיין באַשעפטיגונג, געהאַט אַ שייכות צו רעליגיע, אַליין אויך געווען אַ „דבר־שבקדושה", אַ שטיק הייליגקייט, אָדער אַ „כלי קודש" — ווי מען האָט דאָס דעמאָלט גערופען. קיין פלעק האָט נישט געטאָרט פאַלען אויף אים. סופרות איז געווען אַ „מלאכת הקודש", אַ הייליקע מלאכה, און דער סופר, וועלכער האָט געשריבען פאַר יידען כשר'ע ספרי-תורות, תפילין און מזוזות, איז געווען אַ שטיק קדוש. ס'איז דאָך נישט קיין קליינינקייט, ארויסלאָזען פון האַנט ספרי-תורות און תפילין, אויף וועלכע טויזענדער יידען מאַכען ברכות! דער סופר האָט

געפילט די גרויסע אחריות, וואָס ליגט אויף איס, אויב ער זאָל חלילה־וחס מכשיל-זיין כאָטש איין יידען, מיט איין ברכה לבטלה! דער סופר—ווי דער רב און דער שוחט—האָט נישט געטאָרט זיין קיין קל—אַגדערש האָט מען צו איס קיין צוטרוי נישט גע-האַט, נישט געלייגט זיינע תפילין, נישט באַשטעלט בא איס קיין ספרי-תורות. דער כשר׳ער, ד. ה. דער דורכשניטלעכער סופר, האָט מדקדק-געווען און מכין־געווען באַם מאַכען זיין טינט, באַם פאַרשפּיצען זיין פעדער. ער איז טבילה-געגאַנגען באַם אָנהייבען צו שרייבען אַ יריעה פון אַ ספר-תורה, אַ פרשה פון תפילין און יעדען שם. דער סופר האָט געציילט אַלע אותיות פון דער תורה - עס זאָל נישט אַרויסקומען אויף אַנ׳עמוד, אָדער אויף אַ יריעה מיט איין אות מער, ווי דער דין איז; אָפּגעהיט איז ער געווען בא זיין אַרבעט, עס זאָל נישט אַרויסקומען מיט קיין איינציקען פעדער-שטריך מער, אויף די אותיות, וואָס האָבען תג״ן; עס זאָלען זיך צוויי אותיות נישט צונויפגיסען ערגיץ אין אַ פונקט—ווייל דאָס קאָן פסול-מאַכען די גאַנצע ספר־תורה. אָט די נייטיקע רויקייט, די שטענדיקע אָפּגעהיטקייט בא דער מלאכה, לייגט אַרויף איר שטעמפּעל אויפ׳ן בעל-מלאכה. דערפאַר איז דער סופר, אין יענע צייטען, געווען אויך אַ בעל-מדות. ער האָט אויך זיינע אייגענע ווערטער געציילט. זיין וואָרט—איז געווען אַ וואָרט, אָפּגעהיט פון ליגען און נישט געווען קיין להוט נאָך געלט. ער האָט געוווסט, אַז עס איז שוין פון אייביקע דורות אַ „גזרה מן השמים״, אַז סופרים זאָלען זיין אָרעמעלייט, און ער האָט עס אָנגענומען פאַר ליב. פונקט ווי ער האָט געוווסט, אַז דורות וועלען לייגען זיינע תפילין, לייענען אין זיינע ספרי-תורות, אָבער זיין נאָמען וועט מען נישט דערמאָנען; ער בלייבט דער אייביקער אַנאָנים. דעם סופר ברענגט צו לייטערען זיינע מדות אויך דער אומשטאַנד, וואָס ער געפינט זיך שטענדיק אין די ד׳ אמות פון דער „ריינקייט״, פון דער קדושה. אַזאַ אומ-שטאַנד דריקט אויפ׳ן מענטשען, ער צווינגט איס אָבער, אויך

צו צניעות, אפילו באַ זיך אין שטוב אויסצומיידען אַלץ,—אפילו ווערטער—וואָס איז נישט לכבוד פאַר דער „ריינקייט"... פאַר אים איז די קדושה פון דער תורה אַ קאָנקרעטע זאַך. ער פילט זי שטענדיק, לעבט אין איר און געפינט זיך קיינמאָל נישט אויסער איר השפעה.

אַזאַ מין שטייגער לעבען מאַכט אַ טיפען איינדרוק אויך אויף דעם גאַנצען הויזגעזינט פון סופר. ער לאָזט זיך אויך מערקען אויף מענדעלסזאָנ'ען. לעבען-לאַנג איז ער געבליבען דער גרויסער ענו, געצייילט זיינע ווערטער און געפילט די גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר יעדען וואָרט. זיינע גוטע מדות האָבען שטענדיק געגאָלטען אַלס ביישפּיל פאַר ברייטע געזעלשאַפטליכע קרייזען און אַרום אים האָט מען זיך שטענדיק געפילט אין אַנ'אַטמאָספערע פון זיטליכער ריינקייט און צניעות...

שוין פון קינדוויים-אָן האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט אויסערגעוויינליכע, הגם נישט קיין געניאַלע, פעיקייטען. חומש, העברעיש און דקדוק, וואָס איז נאָך דעמאָלט נישט טריף-געווען, האָט דער פאָטער אַליין מיט אים געלערנט. צו צען יאָר האָט ער שוין העברעישע שירים געשריבען. צו 12 יאָר איז ער געווען אַ גוטער תלמיד אין דער ישיבה פונ'ם דעסויער רב, דער גאון ר' דוד פרענקעל. מיט צוויי יאָר שפּעטער איז ר' דוד געוואָרען רב אין בערלין. און מיט צוויי חדשים נאָכדעם, אין חשון תק"ד (1743) איז דער פערצען-יעריקער בחור משה, מענדעל דעם סופר'ס, אַוועק צופוס קיין בערלין, כדי ווייטער צו לערנען תורה אין זיין אַלטען רבי'נס ישיבה.

רבי דוד פרענקעל האָט דעם דעסויער בחור אָנגענומען פריינדליך. געזאָרגט ז'ערפאַר, ער זאָל האָבען פון וואַנען צו לעבען. און אַ זייטיק פאַרדינסט האָט ער אים צוגעשאַרט,—ווייל מענדעלסזאָן האָט געהאַט אַ שיינע האַנטשריפט, האָט ער אים געגעבען איבערצושרייבען דעם כתב-יד פון זיין חבור „קרבן-העדה". וואָס ער, רבי דוד פרענקעל, האָט מחבר-געווען.

אָבער אָט דאָס איבערשרייבען האָט געהאַט אַ געוויסע בּאַדייטונג פאַר דער ענטוויקלונג פונ'ם איבערשרייבער. דער „קרבן העדה" איז געווען געווידמעט דעם „תלמוד ירושלמי", ווו דער מחבר האָט זיך באַמיט אים צו פאַרגלייכען מיט'ן תלמוד בבלי. דער מחבר האָט געמוזט אָנווענדען דעם פשוט'ן פשט באַם דערלערנען די סוגיות פוןביידע תלמודים. אָנווענדען די קלענסטע פרטים פון די ביידע תלמודים, סיי ווו זיי שיידען זיך פאַנאַנדער, סיי ווו זיי לאָזען זיך פאַראייניגען.

דער איבערשרייבער האָט אַריינגעדרונגען אינ'ם אינהאַלט פונ'ם איבערגעשריבענעם. ער האָט פון אים געלערנט, אַבסטראַקטע באַגריפען צו אַנאַליזירען, פאַרגלייכען און אונטערשיידען — דער אייגענטליכער יסוד פון יעדען פילאָזאָפישען דענקען.

דערמיט ענדיגט זיך די אייגענטליכע טראַדיציאָנעלע דערציונג מענדעלסזאָנ'ס. פון איצט-אָן און ווייטער הייבט-אָן די „בערלינער לופט" צו ווירקען אויף זיין ענטוויקלונג.

און די בערלינער לופט, אַריבערגעקומען פון פראַנקרייך, איז געווען געפערליך פאַר יעדער טראַדיציע. אין אַלע אָנגענומענע מיינונגען און איבערצייגונגען האָט מען אָנגעהויבען צו צווייפלען. צום גלויבען, צו דער רעליגיע האָט מען זיך אָנגעהויבען צו פאַרהאַלטען קריטיש. דער אַליינהערשער אין גייסטיקען לעבען איז געווען דער שכל, דעם מענטשענס פאַרשטאַנד.

„און ווי עס קריסטעלט-זיך, אַזוי יידעלט-זיך." דער פרייער, קריטישער גייסט איז אַריינגעדרונגען אויך אין יידישען געטאָ. די רבנים האָבען זיך געפרובט קעמפען קעגען דער הפקרות, צו וועלכער די פרייגייסטיקייט ברענגט, אָבער אומזיסט.

וואָרום אויב ס'איז אין גיכען געקומען דערצו, אז מען האָט אין יודען, - אברהם פויזנער, רודף-געווען דערפאַר, וואָס ער האָט זיין באָרד געשוירען ; אַ צווייטען, בלייכרעדער, אַרויסגעטריבען פון בערלין, דערפאַר, וואָס ער פלעגט זיך אַרומטראָגען מיט דייטשישע ביכלעך, האָט עס דאָך די יונגע, וואַכע מחות

געבראַכט ... דער פראַגע:

—ווי אַזוי קומט אַ יוד דערצו, אַז ער דערלויבט-זיך איבער-צו-זיין אויף אַ דין און שערען די באָרד? ווי אַזוי קומט אַ צווייטער דערצו, קייגען דין, צו לערנען „ספרים החיצונים", וואָסערע מאָטיוון האָבען זיי געבראַכט דערצו?

און זוכט מען תשובות אויף אַזוינע פראַגען, איז דערמיט גופא שוין געמאַכט דער ערשטער שריט צו אויפקלערונג—צום קלאָר-מאַכען זיך דאָס, און וואָס מען האָט ביז־איצט געגלויבט. דאָ הייבט-זיך-אָן דער איבערגאַנג פון טראַדיציע צו צווייפעל, פון צווייפעל צום איבערשאַצען אַלע ווערטען און פון דאַנען—צו נייע איבערצייגונגען.

און קומען-אויף נייע גייסטיקע אינטערעסען, זוכט מען אויך נייע קרייזען, ווו די דאָזיקע אינטערעסען זענען באַקאַנט. אַזאַ קרייז האָט אויך מענדעלסזאָן איינגעזען.

אין יענער צייט האָט זיך אין בערלין געפונען רבי ישראל לוי זאַמאָשץ (דער מחבר פון „נצח ישראל" און דעם פירוש „אוצר נחמד" אויפ׳ן כוזרי). ער איז געוועזן אַ גאון אין תלמוד, אַ געניאַלער מאַטעמאַטיקער און אַ פאָרטרעפלעכער קענער פון דער מיטעלאַלטערלעכער פילאָזאָפיע—ווי ווייט זי האָט זיך געפונען אין דער העברעישער ליטעראַטור. און אַלץ האָט ער אַליין דערגרייכט, אָן לערער און אפילו אָן שפראַכען אויסער העברעיש און יידיש.

אַרום רבי ישראל זאַמאָשץ האָבען זיך גרופירט עטלעכע געבילדעטע מענטשען, און צו זיי איז עס אויך מענדעלסזאָן צוגעשטאַנען. זאַמאָשץ לערנט מיט מענדעלסזאָן׳ען דעם „מורה נבוכים" פון רמב"ם און גיט איהם אַ מאַטעמאַטיש בוך וועגען אויקלידוס אויף העברעיש. דר. קיש פון פראָג, לערנט מיט איהם, אַ פערטעל שעה אין טאָג, רוימיש, און דער דר. אהרן גומפערץ לערנט מיט איהם ענגליש און פראַנצויזיש. זיינע גרויסע פעיקייטען און נאָך גרעסערע התמדה ברענגען דערצו, אַז איינגיכען ווערט ער

אַ קענער פון דער נײַער ליטעראַטור, ווי פון דער שײנער, אַזוי אויך פון דער וויסענשאַפטלעכער און פילאָזאָפישער. מענדעלסזאָן באַקומט אַ נאָמען פון אַ געבילדעטען מענטשען, און דער רײַכער יידישער זײַדען-פאַבריקאַנט יצחק בערנהאַרד, נעמט אים (אין יאָר 1750) צו זיך אין שטוב-אַרײַן פאַר אַ לערער צו זײַנע קינ-דער. פיר יאָר איז ער געווען אַ לערער און אין דער צײַט איז ער געוואָרען נאָך מער מושלם אין קענטעניסען, און אויף זײַן גאַנץ לעבען ווערט מענדעלסזאָן פאַרבונדען מיט דער פירמע בערנהאַרד. וואָרום אין יאָר 1754 ווערט ער בוכאַלטער אין בערנהאַרד'ס געשעפט, שפּעטער—פאַרוואַלטער, און נאָך בערנ-האַרד'ס טויט, נעמט אים די אלמנה בערנהאַרד צו פאַר אַ שותף אין געשעפט. אַזוי איז זײַן מאַטעריעלע עקזיסטענץ פון פרי אָן געווען געזיכערט.

אַזוי ווי קײן נײַ פילאָזאָפיש סיסטעם האָט ער נישט גע-שאַפען, איז עס נור נאַטירלעך, וואָס דער פילאָזאָף פאַר זײַן צײַט, איז אויך זײַן פילאָזאָף געווען. לײַבניץ איז געווען, אַזוי-צו-זאָגען, זײַן לעבענס-פילאָזאָף. אים האָט ער אַמבעסטען און אַמטיפסטען אויפגעפאַסט און האָט אויך זײַן פילאָזאָפיע מיט איר גאַנצער פאַרוויקעלטקײט, איבערגעגעבען אין אַ פּאָפּולערער דײַטשישער שפראַך. בכלל איז מענדעלסזאָן געווען אײנער פון די ערשטע, וואָס האָבען עס פאַרשטאַנען, די טיפסטע פילאָזאָפישע פראָבלעמען אין אַ גרינגער שפראַך אויסצודריקען. און אין דעם פּרט האָט ער גרויסע פאַרדינסטען פאַר דער דײַטשישער אויפ-קלערונג און פאַר דער ענטוויקלונג פון דער דײַטשישער שפראַך.

אין יאָר 1754 באַקענט זיך מענדעלסזאָן מיטן געניאַלען דײַטשען דענקער און שריפטשטעלער פון 18-טען יאָרהונדערט— גאָטהאָלד אפרים לעסינג.

באַם שאָכברעט האָבען זײ זיך באַקענט, ווי צוויי יונגע-לײַט (בײדע זענען זײ אין אײן און דעם זעלבען יאָר געבוירען) און ביז די לעצטע טעג פון זײער לעבען זענען זײ אין אינ-

טימסטער פריינדשאַפט געבליבען.

לעסינג איז געווען אַ לוטעראַנישען פּאַסטאָרס אַ זון. פון דערהיים - אויס, אַלזאָ, אַ דעמאָקראַט. פריינד האָט ער שטענדיק געזוכט צווישען פאַרפאָלגטע, אונטערדריקטע און נישט-אָנערקענטע. אין לייפּציג זענען זיינע נאָענטסטע פריינד—די פאַרהאַסטע אַקטיאָרען, וואָס קיין אָנשטענדיקער מענטש אין יענער צייט האָט מיט זיי קיין מגע-ומשע נישט געהאַט. אין קעניגסבערג געפינט ער זיינע פריינד אין די קאַזאַרמעס, צווישען די זעלנער, וועלכע זענען נישט ווייניקער פאַרהאַסט געווען, ווי די אַקטיאָרען, און אין בערלין געפינט ער זיינע נאָענטסטע פריינד צווישען יידען, וועלכע זענען נאָך מער פאַרהאַסט און פאַרפאָלגט געווען, ווי יענע ביידע.

אויב נאָך נישט באַרימט, אָבער באַקאַנט איז שוין לעסינג דעמאָלט אויך געווען, דערהויפּט צווישען יידען. נאָך אין יאָר 1749 האָט ער אָנגעשריבען און אויפגעפירט זיין דראַמע „די יידען", וווּ ער טרעט-אַרויס אַלס פאַרטיידיגער פון יידען קעגען זייערע שטענדיקע פאַרפאָלגער—די קריסטען.

פון דער קריסטלעכער זייט האָט די דראַמע אַרויסגערופען גרויסע אויפרעגונג קעגען דעם יונגען „ליטעראַט" (19 יאָר אַלט)—אַ נאָמען, וועלכער האָט דאַן אַרויסגערופען מער פאַראַכטונג, ווי אַכטונג. אָבער צווישען יידען, וועלכע זענען כלל נישט געוווינט-געווען צו אַזוינע סורפּריזען, האָט זיך לעסינג, נאַטירלעך, דערוואָרבען די בעסטע סימפּאַטיעס. צווישען זיינע פאַרערער און פריינד געפינט זיך אויך דער' דר. גומפּערץ. דורך אים ווערט ער, לעסינג, באַקאַנט מיט מענדעלסזאָנ'ען.

די צוויי יונגעלייט, מענדעלסזאָן און לעסינג, האָבען ליב געהאַט איינער דעם אַנדערען, געערט איינער דעם אַנדערען און די בעסטע ווירקונג האָט איינער געהאַט אויפ'ן אַנדערען. מענדעלסזאָן האָט געשעצט אין לעסינגען—זיין פילזייטיקע בילדונג, זיין אומאָפּהענגיקייט, פרייהייט, זיין גלענצענדיקען דייטשישען

סטיל און שרײַבענס-אַרט און דערהויפּט זײַן מוט אַריסצוטרע-טען קעגען דער פאַרשטײַנערטער וועלט מיט איר טראַדיציאָ-נעלע דרכים און קאָנוועטציאָנעלע ליגענס. לעסינג האָט געשעצט אין מענדעלסזאָנען—זײַן אידעאַלע ליבע צו וויסענשאַפט, זײַן אויפריכטיק זוכען דעם אמת, זײַן טיף אַרט דענקען און שטרענ-גע זיטלעכקייט. לעסינג פאַר מענדעלסזאָנען האָט ברייט געעפענט די טירען פון עסטעטיק, פּאָעזיע און קונסט, מענדעלסזאָן פאַר לעסינגען—די טיפענישען פון דער פילאָזאָפיע.

לעסינג׳ס פערזענלעכקייט האָט צוגעצויגען צו זיך ווי נור אַ מענטש מיט טאַלענט און ליבע צו אינוויידיקסטער פרײַהייט אין דעמאָלטיקען בערלין. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז פון איצט-אָן האָט זיך אויך מענדעלסזאָן שטענדיק געפונען אין אַ ברייטער געזעלשאַפט פון שיין-גײַסטער. נאָכמער, מענדעלסזאָן ווערט אַ גרויסער ליבהאָבער פון געזעלשאַפט. וואָס מער זײַן נאָמען וואַקסט, אַלץ ברייטער ווערט די געזעלשאַפט, וואָס קלעפט אָן אים.

אין אַ קורצער צײַט אַרום, נאָכדעם, ווי לעסינג האָט זיך באַקאַנט מיט מענדעלסזאָנען, האָט לעסינג אים געבראַכט אַ פי-לאָזאָפיש בוך פון אַן׳ענגלישען שריפטשטעלער שעפטעסבערי. מענדעלסזאָן האָט דאָס בוך איבערגעלייענט און באַמערקט זײַן פרײַנד:

—פאַראַן שיינע שטעלען אין דעם בוך, אָבער אַזאַ מין פילאָזאָפיע, וואָלט איך אויך געקאָנט שרײַבען.

געזאָגט און געטון. אין עטלעכע וואָכען אַרום האָט מענ-דעלסזאָן איבערגעגעבען לעסינגען אַן׳אַרטיקעל מיט׳ן נאָמען „פי-לאָזאָפישע שמועסען״. לעסינג האָט דאָס אַרטיקעל גענומען און געלאָזט דרוקען אָהן מענדעלסזאָנ׳ס וויסען און אָהן זײַן אָפענעם נאָמען (פעברואַר 1759). נישט וויסענדיק, און אפשר אויך נישט ווילענדיק, איז אַלזאָ מענדעלסזאָן, אין איין שיינעם פרימאָרגען, געוואָרען אַ דײַטשישער שריפטשטעלער.

קיין גרויסען וויסענשאַפטלעכען ווערט האָט דאָס אַרטיקעל נישט געהאַט, אָבער די טיפע געדאַנקען*), אויסגעדריקט אין אַ פּאָפּולערער, עלעגאַנטער דײַטשישער שפּראַך, האָט גע־מאַכט אויפזען אין די בערלינער געבילדעטע קרײַזען. אפילו די געלערטע פון דער בערלינער אַקאַדעמיע, האָבען זיך אויך פאַרינ־טערעסירט מיט׳ן שרײַבער פון דעם אַרטיקעל און אַרויסגע־פונען זײַן נאָמען. און אַז עס האָט זיך איינגעכען געגרינדעט אין בערלין „דאָס אַקאַדעמישע קאַפע״, וווהין מען האָט צוגעלאָזט בלויז הונדערט מיטגלידער, האָט מען מענדעלסזאָנען אַרײַנגענו־מען פאַר אַ מיטגליד.

די בערלינער אַקאַדעמיקער האָבען, אַלזאָ, געהאַט סימפּאַ־טיע פאַר מענדעלסזאָנען, אָבער מענדעלסזאָן פאַר זיי האָט קיין סימפּאַטיע נישט געהאַט.

וואָרום ער און לעסינג, ווי די בעסטע צווישען דער בער־לינער אינטעליגענץ, האָבען פאַראַכטעט דעם פראַנצויזישען גײַסט און דעם פראַנצויזישען שפּאָט און לײַכטזיניקייט, וואָס האָט גע־לעבט און געווירקט אין דײַטשלאַנד צום שאָדען פון דײַטשישען פאָלק. דאָס „פראַנצויזענטום״ איז אָבער געשיצט און געשטיצט געוואָרען פון קעניג און פון דער קעניגלעכער אַקאַדעמיע. דאָס רוב אַקאַדעמיקער זענען געווען פראַנצויזען, אָדער זיי האָבען זייער בילדונג דערוואָרבען אין פראַנקרײַך. די שפּראַך פון די געלערטע איז געווען פראַנצויזיש. דער קעניג האָט זײַנע ליטע־ראַרישע ווערק אויך נור אין פראַנצויזישען געשריבען. „די דײַ־טשען זענען אַ פאָלק אָהן שריפט און אָהן שפּראַך״—האָט פרידר־ריך דער גרויסער געזאָגט. די אָפיציעלע „גרויסע״ און די אָפי־ציעלע „וויסענשאַפט״ האָט געשטיצט אָט די קעניגלעכע מיינונג.

און מענדעלסזאָן איינעם מיט לעסינגען גיבען אַרויס אַ

*) עס רעדט זיך דאָרט וועגען די פילאָזאָפישע סיסטעמען פון ספּינאָזאַ און לײַבניץ.

ווערק, ווי זיי קריטיקירען שארף די בערלינער אקאדעמיע, אירע שיצער, און וואָלטער'ן — דעם „אָפגאָט" פון פרידריך דעם גרויסען. וועגען וואָלטער'ן האָט זיך דאָרט מענדעלסזאָן דערלויבט צו שרייבען:

„מיר קענען די ליטעראַרישע טעטיקייט פון דעם פעיקען שריפטשטעלער. מיר קענען איהם און זיין מהות, און ווייסען, אַז ער איז נישט אומשטאַנד זיך צו פאַרטיפען אין ערנסטע געדאַנ-קען. און אויסער די גרויסע אין לאַנד, אינטערעסירט זיך מער קיינער נישט מיט איהם און נישט מיט זיין אויבערפלעכלעכער, כלומר'שטער פילאָזאָפיע".

די גרויסע — דאָס איז געווען אַ ווונק אויף דעם קעניג און זיינע הויפלייט. אַלע האָבען דאָס פאַרשטאַנען און געוואָרען נייגעריק פערזענלעך צו־קענען דעם „יידישען יונגענמאַן" — ווי מען האָט דאַן מענדעלסזאָנען גערופען, — וועלכער דערלויבט זיך אַזוי אויסצודריקען קייגען אַזוינע צוויי גרויסע מענטשען — קייגען דעם קעניג און וואָלטער'ן. די נייגעריקייט איז אפילו אין הויף געווען צו באַמערקען.

דעם 8-טען דעצעמבער 1755, שרייבט לעסינג צו מענ-דעלסזאָנען:

„עס איז מיר ליב, וואָס מען ווערט אין הויף נייגעריק איך צו קענען. די חכמה גופא באַקומט אויך ס'רוב אירע פאַר-ערער צוליב נייגעריקייט" („מאָזעס מענדעלסזאָן", זעמטליכע ווערקע, וויען 1838, זייט 815).

מיט 5 יאָר שפּעטער (1760) וואַגט מענדעלסזאָן נאָך מער. ער שרייבט אַ קריטיק וועגען די שירים פון קעניג, וועלכע פריד-ריך האָט דאַן פאַרעפענטלעכט אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. פרידריך האָט געמיינט — ווי פיל אַנדערע אין יענער צייט — אַז ווער עס קאָן „מאַכען גראַמען", דער איז אַ פּאָעט. פלעגט ער זיך פאַרנעמען מיט „פּאָעזיע": שרייבען שירים, וועלכע אַלע האָבען געליבט אין טאָג-אַריין. מענדעלסזאָן האָט קריטיקירט די קעניג-

לעכע פּאָעזיע, זײַן פראַנצױזיש און די נישט-גענוגענדיקער װיסענשאַפטלעכקײט, װאָס ער האָט אין זײַ אַרױסגעװיזען, די שאַרפקײט איז, נאַטירלעך, געװען פאַרשטעלט, די שפּיצען פאַרדעקט, אָבער די פאַרשטענדיקע לעזער האָבען דאָס אַלץ גרינג אַרױסגעפונען, פּונקט װי מען האָט אױך דעם נאָמען פון׳ם קריטיקער באַלד ענטדעקט—הגם ער איז נישט געװען אונטערגעשריבען אױף דער קריטיק.

אין הױף האָט דאָס אַרטיקעל אױפגערעגט אַלעמען. אינגיכען האָט מען מענדעלסזאָנען אַרױסגערופען קײן פּאָטסדאַם. ער האָט זיך מודה-געװען, אַז ער איז דער שרײַבער פון דער קריטיק, און אַז ער האָט אױך אַרײַנגעלײגט אין זײַנע װערטער די כונות, װאָס מען האָט פון זײַ אַרױסגעלײענט. „אָבער—האָט ער זיך פאַרענטפערט—דער, װאָס מאַכט גראַמען, איז געגליכען צו אײנעם, װעלכער שיסט אין אַ ציל. װער דער שיסער זאָל נישט זײַן, אַ קעניג, צי אַ פױער, װײסט ער, אַז יענער, װאָס שטײט באַם ציל, װעט אָפענהאַרציק זאָגען, צי האָט דער שיסער געטראָפען אין ציל, צי נישט...״

דער ענטפער האָט באַפרידיגט די הױפלײַט, און מענדעלסזאָן איז בשלום אַרױס פון דאָרט.

די אױבענדערמאָנטע און ענלעכע אַנדערע אַרױסטרעטונגען מענדעלסזאָנ׳ס אין דער דײַטשישער ליטעראַטור, האָבען מענדעלסזאָנ׳ען פּאָפּולער געמאַכט, און דאָס דעמאָלטיקע דײַטשלאַנד הײבט-אָן שטאַרק זיך צו אינטערעסירען מיט אים. די געבילדעטע, ליבעראַלע געזעלשאַפט—װײַל דאָס איז געװען דער ערשטער ײדישער געלערטער, װאָס האָט זיך ענג פאַרבונדען מיט דער דײַטשישער קולטור און געקעמפט פאַר איר ענטװיקלונג; די קאָנסערװאַטיװע געזעלשאַפט—װײַל זי האָט נישט געקאָנט צװױען, װי אַ ײד װערט אַזאַ חשוב אין אָנגעזעענע דײַטשישע קרײַזען און בלײַבט נאָך אַלץ אַ ײד... און צװישען ײדען האָט מען זיך

דאָך געוויס אינטערעסירט מיט דעם כבוד און אַכטונג, וואָס איז אויפגעפאַלען אויף אונזער מענדעלסזאָנ׳ס חלק.

און אין יאָר 1761, אַז מענדעלסזאָן איז געקומען קיין האַמבורג, וועגען זײַן שדוך, האָבען אים די געבילדעטע ייִדען, ווי די קריסטען, אויפגענומען מיט גרויס כבוד. און אפילו דער באַרימטער גאון רבי יהונתן אײבשיץ האָט אים אַרויסגעוויזען גרויס אַכטונג פאַר דעם כבוד, וואָס דאָס ייִדענטום האָט דורך אים צווישען די אומות העולם.

אינגיכען (1763) ווערט מענדעלסזאָן באַרימט דורך זײַנס אַנ׳ערנסט ווערק. די בערלינער אַקאַדעמיע האָט באַשטימט אַ פּרעמיע פאַר אַ ווערק אויף דאָס טעמאַ: „צי קאָנען מעטאַפיזישע כללים זײַן אַזוי קלאָר און זיכער, ווי מאַטעמאַטישע?"*) צווישען אַנדערע געלערטע וואָס האָבען צוגעשטעלט זײערע ווערק אויף דאָס טעמאַ, איז געוועזען אויך קאַנט. אָבער מענדעלסזאָן האָט געוואונען די פּרעמיע: 50 גאָלד־טאַלער און אַ מעדאַל.

נאָכדעם ווי די דאָזיקע שריפט איז דערשינען, איז עס געלונגען צו באַקומען פון פרידריך דעם גרויסען אַ „שוץ־בריף" פאַר מענדעלסזאָנען, וואָס דערלויבט אים פרײַ צו וואוינען אין בערלין. ביז־איצט האָט מענדעלסזאָן געלעבט אין בערלין אין זכות פון זײַן בעל־הבית בערנהאַרד, וועלכער האָט—צוליב זײַן זײַדען־פאַבריק—רעכט געהאַט אַלײן צו וואוינען אין בערלין און אויך האַלטען ייִדישע אָנגעשטעלטע.

אין אַ קורצער צײַט אַרום (1767) פאַרעפענטלעכט מענדעלסזאָן אַ נײַ ווערק, געשריבען אין דער פאָרם פון די פלאַטאָנישע דיאַלאָגען, און האָט דעם נאָמען פון אַ פלאַטאָניש ווערק: פעדאָן. דאָס בוך האָט מענדעלסזאָנ׳ס נאָמען נאָך פיל פאָפּולערער געמאַכט. דאָס איז געווען אַ ווערק „צו דער רעכטער

---

*) „איבער די עווידענץ" אין מעטאַפיזישע וויסענשאַפטען, מאָזעס מענדעלסזאָן, זעמטליכע ווערקע, ווין 1838, זייטען 291—333.

צייט", און האָט אַריינגעדרונגען אין פיל בריי̆טערע קרייזען, ווי אַלץ, וואָס ער האָט פריער געשריבען—ווייל דאָס האָט באַפרידיגט, אויף אַ קורצער צייט על-כל-פנים, דעם דורשט פון הונדערטער טויזענטער מענטשען צו גלויבען, צו גאָט און צו גייסטיגען אינהאַלט פון לעבען.

עס איז שוין מערערע מאָל דערמאָנט געוואָרען, אַז דאָס 18-טע יאָרהונדערט איז געשטאַנען אונטער דער השפעה פון פראַנקרייך. נישט בלויז וואָלטער, וועלכער האָט אין אַלץ געצווייפעלט, פון אַלץ געמאַכט ליצנות און געלאָזט אַ „לײדיגען פלאַץ", נור אויך די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטען, ווי דעלאַמעטרי, דידראָ, האַלבאַך און אַנדערע, האָבען געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף אייראָפּע.

דער דאָזיקער מאַטעריאַליזם האָט אויפגעפאַסט דעם מענטשען, ווי אַ געוועהנליכע מאַשין, וועלכע באַוועגט זיך, ווי לאַנג אירע טיילען זענען גאַנץ און נישט אָפּגענוצט, ווערען זיי אָבער אָפּגענוצט, דער צוזאַמענשטעל לויז און שוואַך, פאַלען זיך די טיילען פאַנאַנדער.

דאָס דענקען איז אויך נור אַ רעזולטאַט פון כעמיש-ביאָלאָגישען צוזאַמענשטעל פון די קערפּער-טיילען. דאָס דענקען איז נישט מער, ווי אַ מין געהירען-שפּיל, ווי אַ מין ברויזען פון הייוען, אָדער גאָר געהירען-אויסשיידונג. פאַלט פאַנאַנדער דער צוזאַמענשטעל, פאַרשווינט דער רעזולטאַט, הערט אויף די באַוועגונג, הערט אויף דאָס ברויזען, הערט אויף דאָס דענקען, פאַרשווינט דאָס באַוואוסטזיין און נישטאָ מער דער מענטש, ווי ער איז פריער נישט געווען. וואָרום דאָס, וואָס מען רופט גייסט, עקזיסטירט נישט פאַר-זיך, אויסער דער מאַטעריע; ער איז נור, ווי געזאָגט, דער רעזולטאַט פון דער מאַטעריע, ווען זי באַקומט אויפ'ן נאַטירליכען אופן, לויט באַשטימטע נאַטור-געזעצען, די פאָרם פון אַן׳אָרגאַניזם, די געטלעכע אַריינמישונג אין דעם גאַנצען פּראָצעס: פון געבוירען, לעבען, שאַפען און שטאַרבען פון

מענטשען — דאָס האָט די רעליגיע אויסגעטראַכט, דערמיט האָט מען נור גענאַרט די מענטשען, מיט אַ כוון גענאַרט, צו פאַר־שידענע צוועקען.

אָהן אַ גאָט בײַ דעם געבורט פון דער וועלט און דעם מענטשען, אָהן אַ האָפנונג אויף עולם־הבא בײַם לעבען, אָהן שכר־ועונש נאָכ'ן טויט — האָט פילען די וועלט אויסגעזען, ווי אַ תהו־ובהו, אַ פרײַער פלאַץ פאַר הפקרות. נישטאָ קיין רעגולאַ־טאָר אין לעבען. נישטאָ קיין מאָטיוועז, פאַרוואָס זאָל מען טון דאָס גוטע און נישט טון דאָס שלעכטע. נאָכמער, ס'איז אפילו נישט געווען קיין קריטעריע, לויט וועלכער מען זאָל קאָנען שאַ־צען און באַשטימען: וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט? בײַ אַזאַ צושטאַנד פון דענקען, האָבען זיך פיל אַרומגעזען, אַז אײַ־גענטלעך, האָט דאָס לעבען קיין ציל נישט. און אויב אַזוי, דאַרף מען זיך באַפרײַען פונ'ם לעבען — אויב דאָס איז פאַרבונדען מיט וועלכע עס איז שוועריקייטען.

אָט די אַלע פראַגען האָבען טיף אָנגערירט אין דעם אי־נערלעכען פרידען פון יעדען מענטשען באַזונדער, אין דעם פרי־דען אין געזעלשאַפטלעכען צוזאַמענלעבען.

מענטשען האָבען געזוכט באַרויִגונג, — געזוכט אַ תשובה אויף די אַלע פראַגען, און מענדעלסזאָן האָט די תשובה און באַרויִגונג געגעבען.

די תשובה איז געווען אַ דאָגמאַטיש־פילאָזאָפישע. אַ דאָג־מאַטישע — ווײַל דער אויסגאַנגס־פּונקט אירער איז געווען אַ דאָג־מע, אַנ'„אני־מאמין". די דאָגמע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז עס איז געוויס פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט. דאָס איז פאַר אים געווען אַנ'אַקסיאָמע, וואָס דאַרף נישט ערשט באַווייזען ווערען. און אַז עס איז דאָ אַ גאָט, איז דאָך שוין ממילא זיכער, אַז ער האָט באַשאַפען די וועלט און דעם מענ־טשען. דעם מענטשען — דעם גוף מיט דער נשמה. אָבער אפילו דער גוף ווערט אויך נישט לחלוטין פאַרשוואונדען נאָכ'ן טויט;

ער ווערט בלויז פאַרוואַנדעלט אין אַנדערע עלעמענטען: אין ערד, אין שטויב, אין געוויקס א. ד. גל. ער עקזיסטירט, אַלזאָ, אויך נאָכ׳ן טויט, נור אין אַנ׳אַנדער פאָרם, ניש אין יענער, אין וועלכער ער האָט עקזיסטירט באַם לעבען.

און אויב דער גוף, וואָס איז אַ גשמיות, צוזאַמענגעזעצט פון פאַרשידענע טיילען, יעדער טייל פון פאַרשידענע עלעמענטען, און לאָזט זיך דערום אויך צעטיילען און צעברעקלען אויף די קלענסטע ברעקלעך, גייט דאָך נישט אונטער נאָכ׳ן טויט, הײַנט אַ פשיטא שויך די נשמה, וואָס איז אַ רוחניות, אַ גײַסטיק אייננערליי, איז נישט קיין צוזאַמענגעזעצטע זאַך, לאָזט זיך נישט טיילען און נישט צעברעקלען און קאָן נישט אָננעמען קיין אַנדערע פאָרמען, ממילא קאָן זי נישט אונטערגיין, און עקזיסטירט נאָכ׳ן טויט אויך.

און נאָך אַ ראיה: קוים ווערען מיר געבוירען מיט דעם געדאַנק וועגען אייביקייט, איז עס דאָך אַ סימן, אַז גאָט האָט אין אונדז דעם געדאַנק אײַנגעפלאַנצט, ווי זשע לאָזט זיך אָנעמען, אַז גאָט זאָל אונדז אָפּנאַרען? ווען אונדזער נשמה וואָלט פאָרגעשטאַנען צו ווערען גאָרנישט, וואָלט דאָך אונדזער גאַנצער פאַרשטאַנד, וואָלטען דאָך אַלע אונדזערע געדאַנקען, געווען נישט מער, ווי אַ פאַלשער חלום; דאַן וואָלטען מיר געגליכען געווען צו בהמות, וועלכע האָבען נור צו זוכען שפּײַז פאַר זיך, און צו שטאַרבען. דאָס קאָן מען, אָבער, נישט אָנעמען — ווײַל יעדער געדאַנק, וואָס איז אײַנגעפלאַנצט אין אונדז פון געבוירען אָן, איז געוויס אויך ריכטיק, און מען קאָן אין אים נישט צווייפלען.

און אויב אַזוי, אויב דאָס לעבען און זײַן אייביקע נשמה זענען דעם מענטשען פון גאָט געגעבען, זענען גאָט׳ס אייגענטום, איז דאָך קלאָר, אַז דער מענטש האָט קיין רעכט נישט צו שאַפען דעריבער, און זיך באַגיין דערמיט לויט זײַן אײַנזען.

נישט קוקענדיק אויף אָט די, כמעט נאַיווע, ראיות פון

פעדאָן, איז דאָך דאָס בוך געלייענט געוואָרען פון אַלעמען: פון טעאָלאָגען און פילאָזאָפען, פירשטען און פּאָליטיקער, קינסט-לער און פּאָעטען, געבילדעטע מענער און פרויען, אַלטע און יונגע אין האָט אומעטום געהאַט דעם גרעסטען ערפאָלג. אַלע האָבען מיט דאַנקבאַרקייט געזעט פונ׳ם יידישען חכם, וואָס האָט זיי געבראַכט טרייסט און פריידען. אפילו אַזוינע מענטשען, ווי הערדער, גלים און דער יונגער געטהע, זענען נתפעל-געוואָרען פון דעם ווערק. דער „פעדאָן" איז אַרויס אין עטלעכע אויסגאַ-בען, איבערזעצט געוואָרען אין אַלע אייראָפּעישע שפראַכען. מענ-דעלסזאָנ׳ס בילד איז פאַרקויפט געוואָרען אין צענדליקער טויזענ-דער עקזעמפּליאַרען. נאָך דעם, ווי דאָס בוך איז פאַרשפרייט געוואָרען, איז נישט געווען דער געלערטער, וואָס זאָל האָבען געקומען קיין בערלין, און נישט באַמיען זיך צו זען דעם באַ-שיידענעם יידישען חכם. דער הערצאָג פון ברוינשווייג וויל אים אַריבערנעמען אין זיין הויפט-שטאָט; דער פירשט פון שאַמבורג-ליפּע איז פון זיינע נאָענטע פריינד—און די בערלינער אַקאַדע-מיע פאַר וויסענשאַפטען לייגט-פאָר דעם קעניג, צו באַשטעטיגען מענדעלסזאָנען אַלס איר מיטגליד (נור פרידריך טוט נישט דעם ווילען פון דער אַקאַדעמיע). יעזויטען פון בענעדיקטען-אָרדען ווענדען זיך צו מענדעלסזאָנען מיט זייערע צווייפלען און וואַר-טען אויף זיין לערע*).

---

*) אַ כאַראַקטעריסטישע איינצעלהייט. מענדעלסזאָן האָט אויך אָנגעשריבען אַ קיצור פון „פעדאָן" אויף העברעיש, כדי אויך יענע, וואָס פאַרשטייען נישט קיין דייטש, זאָלען זיך קאָ-נען באַקענען מיט די הויפּט־געדאַנקען פון דעם ווערק. און אין 1787 (אַ יאָר נאָך מענדעלזאָנ׳ס טויט) לאָזט פרידלענדער איבער-זעצען אָט דעם קיצור פון העברעיש אויף דייטש. צו וואָס? דאָס דערקלערט פרידלענדער אין זיין הקדמה צו דער איבער-זעצונג:

„דער פעדאָן פון מענדעלסזאָן, אויף דייטש געשריבען,

און דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעטון אַרום אַ בוך, וואָס מיט איינע צוואַנציק יאָר שפּעטער איז עס שוין געווען פאַרעלטערט, און קיינער האָט עס מער אין האַנט ניט גענומען.

צוליב דעמזעלבען בוך און אין צוזאַמענהאַנג מיט אים, איז אויך אַרויסגעקומען אַ גרויסער ליטעראַרישער קאַמף צווישען מענדעלסזאָנען און דעם ציורכער עוואַנגעלישען גײסטלעכען יאָהאַן קאַספּאַר לאַפאַטער.

---

האָט גענוג באַפרידיגט דעם דייטשען לעזער. „פונדעסטוועגען גלייב איך, אַז דאָס איבערזעצען דעם קיצור איז ניט קיין איבעריגע אַרבעט. דער קיצור האָט די אייגענע מעלות, וואָס אַלע שריפטען מענדעלסזאָנ׳ס, און איז באַרעכענט אויף יענע לעזער, פאַר וועלכע דער פעדאָן איז צו שווער, און זענען ניט ביכולת אַליין אַרויסצוקריגען פון דאָרט די הויפּט-אידעען״. פאַרשידענע פערזאָנען האָבען, דעריבער, שוין לאַנג פאַרלאַנגט, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַנ׳אויסצוג פון דעם וויכטיקען בוך מענדעלסזאָנ׳ס—כדי שוואַכערע לעזער זאָלען אויך קאָנען באַקאַנט ווערען מיט די אמת׳ן, וואָס האָבען אַזאַ גרויסע וויכטיקייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. וואָס פאַר אַ גליק איז עס דערפאַר, אַז דער גרויסער מייסטער, וועלכער האָט דאָס גרויסע ווערק געשריבען, האָט אַליין אויך געשאַפען אַ פאַרקירצטען אויסצוג פון זיין ווערק. א. אַז. וו.״ (מאָזעס מענדעלסזאָן, זעמטליכע ווערקע, וויען 1838 זייט 364). צוליב דיזעלבע מאָטיוועז האָט עס אויך פרידלענדער געהאַלטען פאַר נייטיק, צו לאָזען איבערזעצען, פון העברעיש אויף דייטש, אַנ׳אַנדער ווערק פון מענדעלסזאָנען: „וועגען דער לייב-ניציזשער פרעסטאַבעלירטער האַרמאָניע״ און דער באַציונג צווישען דעם גוף מיט דער נשמה (דאָרט, זייט 350)—הגם מענדעלסזאָן האָט אין אַלע זיינע פילאָזאָפישע ווערק אויף דייטש הויפּטזעכלעך ענטוויקעלט דאָס פילאָזאָפישע סיסטעם פון לייבניץ.

דאָס גאַנצע בוך, ווי געזאָגט, איז געווען געשריבען אין דעם סטיל און אין דער פאָרם פון פלאַטאָנס פעדאָן. איז עס נאַטירליך, אַז כדי דער סטיל זאָל זיין אויסגעהאַלטען, אין גריכישען גייסט, האָט זיך מענדעלסזאָן געמוזט באַנוצען בלויז מיט אַזוינע געדאַנקען, וואָס האָבען געגאָלטען צווישען די גריכען אין פלאַטאָנ׳ס צייטען. פון דעם בוך איז, אַלדזאָ, כלל נישט געווען צו דערקענען, אַז מענדעלסזאָן איז אַ ייד. דערפון האָט לאַפאַטער, וועלכער איז נישט געווען קיין קונסט-קענער, געדרונגען, אַז מענדעלסזאָן, ווי פיל אַנדערע בערלינער יידען, האַלט נישט פון יידענטום, האַלט ער דאָך מסתמא פון קריסטענטום, טאָ וואָס זשע שווייגט ער? עס וואָלט דאָך געווען אַ צירונג פאַר׳ן קריסטענטום, ווען אַזאַ חשוב׳ער געלערטער ייד זאָל ווערען אַ קריסט. און ער האָט געפונען אַ יעזויטיש מיטעל, ווי אַזוי צו צווינגען מענדעלסזאָנען, ער זאָל זיך אָפּען, פאַר דער גאַנצער וועלט, אַרויסזאָגען: צי האַלט ער פון יידענטום, צי פון קריסטענטום. איינער, אַ זשענעווער פּראָפעסאָר, האָט דאַן געהאַט פאַרעפענטליכט אַ פּאַרטיידיגונגס-שריפט פאַר׳ן קריסטענטום קעגען די אַפּיקורסים. אָט דאָס ווערק האָט לאַפאַטער איבערגעזעצט אויף דייטש, און דערצו צוגעגעבען פון זיך „אַנ׳אָפענעם בריף צו מענדעלסזאָנען". אין דעם בריף פאָדערט ער פון אים: ער זאָל אָפּלייקענען אַלע ראיות, וואָס זענען געבראַכט אין בוך לטובת דעם קריסטענטום. איז ער דאָס אָבער נישט אומשטאַנד צו טון, „זאָל ער טון אַזוי, ווי די קלוגשאַפט, דער יושר און די ליבע צום אמת הייסען טון; דאָס, וואָס סאָקראַט וואָלט געטון, ווען ער וואָלט דאָס ווערק געזען און אָנערקענט, אַז מען קאָן דאָס נישט אָפּפרעגען".

דער בריף איז פאַרעפענטליכט געוואָרען דעם 4-טען סעפּטעמבער 1769 יאָר, און נאָך צום סוף פון דעם זעלביקען יאָר האָט אים מענדעלסזאָן געענטפערט—אויך מיט אַנ׳אָפענעם בריף —נאָכדעם, ווי ער האָט פון דער צענזור באַקומען די דערלויבעניש צו שרייבען וועגען דער פראַגע הלך, וואָס ער וועט

געפינען פאַר נייטיק, און פאַרעפענטלעכען דאָס אָהן פּאָרצענזור.
אין דעם ענטפער זאָגט מענדעלסזאָן אַרויס לאַפאַטער'ן
אַלץ, וואָס ער טראַכט וועגען קריסטענטום און וועגען זיך: „מיט
די וויסענשאַפטען, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבען, שרייבט מענ־
דעלסזאָן, האָט ער זיך באַנוצט צום חוקר-ודורש-זיין די רעלי-
גיע זיינע און האָט געפונען, אַז זי איז פאַר אים די איינציקע,
וואָס ער קאָן אָנערקענען. אמת, אין משך פון דער צייט זענען
אויף זיין רעליגיע, ווי אויך אויף די אַנדערע, אָנגעוואַקסען פאַר-
שידענע מנהגים, וואָס פאַרטונקלען איר ריינקייט, אָבער אין די
הויפּט-פּרינציפּען פון זיין רעליגיע איז ער אַזוי איבערצייגט,
און זיין איבערצייגונג איז געשטיצט אויף אַזוינע באַווייזען, וואָס
עס איז לחלוטין אוממעגלעך זיי אָפּצופרעגען. און אָט די פּרינ-
ציפּען וועט ער טריי בלייבען — דערויף שטעלט ער גאָט פאַר
אַן עדות — כל זמן זיין גאַנצער גייסטיקער מהות וועט זיך נישט
פון גרונד-אויס ענדערען. איצט, ווי פריער, איז ער אַ געגנער
פון קריסטענטום צוליב דעם טעם, וואָס ער האָט לאַפאַטער'ן
אַמאָל דערקלערט אין אַ פּריוואַטען געשפּרעך. אָבער נאָך אַלעם
בלייבט ער דאָך גלייכגילטיק, ווי צו טאַדעל, אַזוי אויך צו לויב,
וואָס ווערט פאַרעפענטלעכט קעגען אָדער פאַר דעם יידענ-
טום. עס איז, נאַטירלעך, מעגלעך צו שילדערען דאָס יידענטום
אויף אַ לעכערלעכען אופן — ווי פיל טוען דאָס אויך. אָבער קיין
געבילדעטער ייד לייענט דאָס נישט, און ווייסט אפילו נישט
דערפון. געוואָלט וואָלט ער, אַז די פאַראַכטונג צום יידען זאָל
אויפהערען, אָבער דאָס קאָן מען דערגרייכען נישט דורך פּאָלע-
מיק, נור דורך גוטע מעשים. די רעליגיע, די פילאָזאָפיע און
זיין בירגערלעכע לאַגע גיבען אים גענוג וויכטיקע מאָטיוון
אויסצומיידען רעליגיאָנס-וכוחים און עפענטלעך באַהאַנדלען בלויז
אַזוינע פּראָבלעמען, וואָס זענען גלייך וויכטיק פאַר אַלע רעלי-
גיעס. „און בפרט, אַז דאָס יידענטום איז אַ פליכט נור פאַר
יידען. קיינמאָל האָט דאָס יידענטום נישט געשיקט קיין מיסיאָ-

נערען איבערצורעדען אומגליקליכע און זיי צוציהען אין זיין שיס. וואלט היינט געלעבט א קאנפעציעס, צי א סאלאן, וואלט ער, מענדעלסזאן, לויט די געזעצען פין זיין רעליגיע, זיי געקאנט אבטען אין ליב-האבען. אים וואלט, אבער, קיינמאל נישט איינגעפאלען זיי איבערצורעדען, אז זיי זאלען ענדערען זייער רעליגיע, אין אט האט ער דאך פריינד צווישען קריסטען; פריינד—ליבע אין נאענטע. קיינמאל איז אים, אבער, נישט ארויפגעקומען אויפ׳ן געדאנק צו זאגען: א שאד, וואס אזא פיינער מענטש איז נישט קיין ייד!״...

וואס דא איז געבראכט, איז, נאטירליך, נישט מער, ווי א פאר שטריכען פין מענדעלסזאנ׳ס בריף צו לאפאטער׳ן. דער בריף האט ארויסגערופען א זייער גרויסען אינטערעס צווישען די געלערטע. אלע געבילדעטע מענטשען האבען מענדעלסזאנען געגעבען גערעכט אין באוואונדערט דעם טאקט, מיט וועלכען ער האט באהאנדעלט אזא דעליקאטע פראגע. אפילו דער זשענעווער פראפעסאר, וואס מיט זיין ווערק האט זיך לאפאטער באנוצט, כדי צו פראוואצירען מענדעלסזאנען צו דעם ווכוח—אפילו דער פראפעסאר האט מענדעלסזאנען געגעבען גערעכט. צוויי יאר האט זיך דער דיספוט געצויגען, פריינד אין שונאים האבען זיך אריינגעמישט אין דעם ווכוח, צענדליקער פלוג-בלעטער, אויף דייטש אין פראנצויזיש, זענען פארשפרייט געווארען וועגען דעם דיספוט. דער רעליגיעזער פאנאטיזם און דער אויפקלערערישער ענטוזיאזם, האבען זיך פאנאנדערגעפלאקערט אין געקעמפט אויף טויט אין אויף לעבען. אין אויך א גרויסער קרבן איז דא געפאלען אין קאמף—דאס איז געווען לעסינג. אויך ער איז נישט געבליבען שטיין פין ווייטען פון דעם רעליגיעזען דיספוט. ער האט פארעפענטליכט, אייגענע אין פרעמדע, אפענע און אנאנימע כתבים קעגען קריסטענטום. דערפאר האט ער פארלארען זיין שטעלע אלס פארוואלטער פון דער ביבליאטעק פונ׳ם ברוינשווייגער הערצאג, אין וואלפענביטעל. מענדעלסזאן האט געזיגט

אין דעם קאַמף, זיך דערוואָרבען נייע פאַרערער—ווייל ער האָט דערהויפט געפירט אַ פאַרטיידיגונגס-קאַמף. דערצו האָט ער דאָך אָנערקענט, אַז יעדע רעליגיע איז פאַר א י ר ע אָנהענגער, די איינציק-גילטיקע און די איינציק-אָנעמבאַרע. לעסינג איז, אָבער, אַרויסגעטרעטען קעגען קריסטענטום, אין אָנגעפאַלען אויף די יסוֹדוֹת זיינע. דערפאַר האָט מען לעסינגען בוֹשטעבלען פאַר-שאָטען מיט שטרייט-שריפטען, פלוג-בלעטער און פאַסקווילען.

דעמאָלט באַשליסט לעסינג צו קעמפען מיט זיינע געגנער פון דער בינע אַראָפּ, ער שרייבט זיין קלאַסישע דראַמע „נאַטאַן דער וויזע" (נתן דער חכם, אין יאָר 1779), פון דער צייט פון די קרייץ-צוגען. די העלדען פון דער דראַמע זענען הויכע גייסט-לעכע, מלכים און פירשטען, יעזויטען און ריטער, וועלכע גע-העז קיין פּאַלעסטינע, כדי איינצונעמען דאָס לאַנד, ווו קריסטוס איז געבוירען, און ווו זיין קבר געפינט זיך, און גרינדען דאָרט אַ קריסטלעכע, אָדער ריכטיקער, אַ קירכלעכע מלוכה. נישט קוקענ-דיק אויף דעם רעליגיעזען עקסטאַז, מיט וועלכען אַלע זענען אַדורכגעדרונגען, הערען זיי דאָך נישט אויף צו זיין פאַרדאָר-בען און זוכען דעם אייגענעם נוצען. אונטערוועגס באַגייען זיי רויבערייען, מערדערייען און דערהויפט קעגען יידען. קומענדיק קיין ירושלים, ברענגען זיי אום, קודם כל, אַלע יידען, וואָס זיי געפינען דאָרט.

קעגען אָט די אַלע „הייליקע" און באַגייסטערטע קריסטען, וועלכע זענען אַזוי אוממענטשלעך-ווילד אפילו בעת זיי שטרעבען צו הויכע, הייליקע צוועקען, שטעלט לעסינג אַרויס דעם יידען נתן, אַן אָנגעזעענער מענטש אין זיין געמיינדע, אין פאַר זיין קלוגשאַפט און פרומקייט רופט מען אים: נ ת ן ד ע ר ח כ ם. זיין פרוי און זיינע 7 קינדער האָבען די קרייץ-צוגען פאַרברענט. לכתחלה איז ער געווען אַריינגעפאַלען אין טעמפען יאוש. און אַז אַ קנעכט פון עפעס אַ ריטער ברענגט צו אים אַ קריסטלעך קינד, אַ מיידעלע אַ יתומה, נעמט זי נתן צו פאַר אַ קינד און

דאַנקט גאָט פאַר דער מתנה. ער דערציִט דאָס קינד אין ריִי-
נער ליִבע צו גאָט. ער לערנט זי, אָבער, נישט קיין מצות
צו טון, קיין שום רעליגיעזע דינים און מנהגים צו דערפילען.

אָבער דער קריסטלעכער פּאַטריאַרך אין ירושלים קאָן
נישט מוחל-זיין דעם יידען די העזה, וואָס ער האָט זיך דער-
לויבט צוצונעמען אַ קריסטלעך קינד און עס דערציִען, און וויל
לאָזען נתנ׳ען פאַרברענען.

אין אָט דעם יידען, וועלכער מיינט, אַז דער עיקר איז
נור פרומקייט, עניוות, גוטסקייט, שלום און גאָט דינען מיט אַ
ריין הארץ—וואָס גילט גלייך פאַר אַלע רעליגיעס—האָבען פיל
געוואָלט דערקענען מענדעלסזאָנען. דאָס האָט ווידער צוזאַמענ-
געצויגען צו אים די אויפמערקזאַמקייט פון דער דייטשישער וועלט.
הגם דאָס איז געווען אַ טעות. אין דער צייט, ווען לעסינג האָט
די דראַמע געשריבען, איז ער שוין געווען ווייט אָפּגעגייגט פון
מענדעלסזאָנען און פון זיין רעליגיע-פילאָזאָפיש סיסטעם. ס׳איז
באַוויזען, אַז נתן דער חכם האָט געזאָלט פאָרשטעלען ספינאָזען
און זיין קוק אויף גאָט און גאָטעס-דינסט, וואָס שטימט כלל
נישט מיט מענדעלסזאָנ׳ס שיטה בנוגע צו דער פראַקטישער זייט
פון דער רעליגיע.

נור אַזוי צי אַזוי—די קריסטלעכע וועלט האָט נישט גע-
קאָנט אַריבערטראָגען לעסינג׳ס מיינונגען וועגען רעליגיעזער טאָ-
לעראַנץ. נאָך שווערער איז איר געווען מסכים-צו-זיין מיט לע-
סינג׳ס געדאַנק, אַז ס׳איז מעגלעך, אַז אַ ייד זאָל שטיין מאָראַ-
ליש העכער ווי אַ קריסט. און לעסינגען איז מען באַפאַלען פון
אַלע זייטען. אפילו פיל פון זיינע פריינד זענען איצט אָפּגעשטאַ-
נען פון אים. קיינער האָט אים אין זיין קאַמף נישט געשטיצט.
פון אַלע פאַריינען האָט מען אים אויסגעשלאָסען. ווי אַ שטילער
חרם איז געהאַנגען איבער אים. אָפּגעשייט פון אַלעמען, איז ער
אַריינגעפאַלען אין אַ שווערער שטימונג, און אין צוויי יאָר אַרום,
נאָכדעם, ווי זיין דראַמע איז פאַרעפענטלעכט געוואָרען, איז לע-

סינג, 51 יאָר אַלט, געשטאָרבען.

די ווייניקע, וואָס האָבען זיך מצער-געווען אויף לעסינג׳ס טויט, האָבען זיך געווענדעט צו מענדעלסזאָנען און אים אויס-געדריקט זייער טרויער אויף דעם גרויסען שאָדען, וואָס די דייטשישע ליטעראַטור און די דייטשישע אויפקלערונג האָט גע-האַט דורך לעסינג׳ס טויט. אין גאַנץ דייטשלאַנד האָט דער גרוי-סער דייטשישער שריפטשטעלער און דענקער, גישט געהאַט קיין נענטערען פריינד, ווי דעם יידען מענדעלסזאָן...

---

מענדעלסזאָן איז, אָבער, געווען נישט בלויז אַ פילאָזאָף פאַר דייטשלאַנד און אַ ציר־נג פאַר יידען. ער איז אויך געווען אַ פאָטער פון קינדער, אָט די קינדער זיינע האָט ער געוואָלט געבען אַ יידישע דערציונג—נישט קימערענדיק זיך וועגען דעם: צי האָט עס געלוינט אין דעמאָלטיקען דייטשלאַנד צו זיין אַ ייד, צי נישט... אָבער איננײַנעם דערמיט האָט ער אויך געוואָלט דער-ציען זיינע קינדער אין אַ פאַרנינפטיקערען יידענטום, ווי דאָס האָבען אַנדערע יידען געטון. כדי דאָס צו דערגרייכען, נעמט ער זיך אונטער אַ קליינינקייט: איבערצוזעצען דעם תנ״ך, און דער עיקר, דעם חומש, אויף דייטש—די שפּראַך, וואָס זיינע קינדער האָבען גערעט. מיט דער איבערזעצונג איז מענדעלסזאָן אויסען געווען נישט בלויז דעם חומש צו פאַרטייטשען, נור, דורך דעם טייטש, אויך פטור-ווערען פון די צענדליקע מפרשים, וועלכע האָבען זיך כסדר באַמיט—צו פאַרדרייען דעם אמתן פשט, און וואָס מער צו דערווייטערען די תורה פון שכל.

אָבער נאָכדעם, ווי די איבערזעצונג איז שוין געווען גרייט, האָט ער איינגעזען, אַז דאָס, וואָס עס ברענגט נוצען זיינע קינדער, קאָן נוצלעך זיין פאַר אַנדערע יידישע קינדער אויך. אריינטראָגען אין דער יידישער דערציונג אַ קלאָרען און פשוט׳ן פירוש אויף דער תורה, אָהן דרשות און פאַרדרייטע המצאות, קאָן גילטען ווי דער ערשטער טריט צו „השכלה״, פון

וועלכער יידען זענען, ליידער, אזוי וויט. דערפאר, אז דער העב־רעישער לערער, וועלכער האט מיט זיין זון געלערנט דקדוק, האט אים פארגעלייגט, צו פארעפענטלעכען די איבערזעצונג, האט ער, מענדעלסזאן, נאך א לאנגען ישוב-הדעת, מסכים־געווען דער־צו. דער דאזיקער לערער איז געווען רבי שלמה דובנא, א ייד פון פוילען, א למדן און א שטיק אויפגעקלערטער.

אט דעם רבי שלמה'ן האט עס מענדעלסזאן איבערגעגעבען די איבערזעצונג בתנאי, אז ער, איינעם מיט מענדעלסזאנ'ס ברודער, שאול, זאלען טיילען צווישען זיך דעם פארדינסט, וואס דאס בוך וועט איינברענגען. זיין נאמען האט מענדעלסזאן אויף דער איבערזעצונג, לכתחילה, נישט געשטעלט.

דערזעלבער רבי שלמה דובנא האט אויך געשריבען דעם באור אויף דער תורה, לויט דער דייטשישער איבערזעצונג. ער האט, אבער, נור אנגעשריבען דעם באור צום ספר-בראשית. דעם באור צו די איבעריקע ספרים האבען אנדערע געשריבען—הערץ הומבערג, וויזעל—וויל אינמיטען דער ארבעט, האט רבי שלמה אוועקגעוואָרפען בערלין און זיך אומגעקערט קיין פוילען.

חשוב'ע יידען און קריסטען האבען זיך פארינטערעסירט מיט דער איבערזעצונג און געהאלפען זאמלען פרענומעראנטען (אבאנענטען) אויף דעם חומש מיט דער איבערזעצונג, וועלכע איז געדרוקט געוואָרען אויך מיט דייטשישען שריפט. צווישען די פרענומעראנטען איז געווען דער קעניג פון דענעמארק, זיין טראנספאלגער, אקאדעמיעס אין פיל געלערטע. דער בערלינער בית-דין מיט דעם גאון ר' הירשעל לעווין, בערלינער רב בראש, האבען געגעבען זייער הסכמה אויף צו דרוקען דעם חומש מיט דער איבערזעצונג. די וועלט האט געהאפט אויף גרויסע רעזול־טאטען פון איר. די רעזולטאטען זענען, באמת. גרויס געווען— אבער גאר אין אנ'אנדער ריכטונג, ווי מען האט גערעכענט.

פיל האבען געגלייבט, אז דאס לערנען דעם חומש מיט דער דייטשישער איבערזעצונג וועט ברענגען דערצו, אז יידען

וועלען אַבּיסעל אויסמיינערען דעם „זשאַרגאָן״. מענדעלסזאָן אַליין האָט געגלייבּט, אַז די איבּערזעצונג וועט ברענגען דערצו, אַז יידען וועלען זיך צוגעוויינען אויפצופאַסען דעם חומש—נאָכדעם אויך אַנדערע למודים—אין פשטות, אָהן קרומע גענג און סאָפיס-טישע איינפאַלען, וואָס איז שוין אויך אַ שטיק אויפקלערונג. אויס-געלאָזט האָט זיך אָבּער גאָר אינגיכען, אַז אָנשטאָט צו לערנען דעם המט מיט דער הילף פון דער דייטשישער איבּערזעצונג, האָט מען, פאַרקערט, געלערנט די איבּערזעצונג, די דייטשישע שפּראַך, מיט דער הילף פון חומש—ווי מ׳לערנט שטענדיק דאָס אומבּאַקאַנטע מיט דער הילף פון באַקאַנטען. דאָס אומבּאַקאַנ-טע איז, אין אונדזער פאַל, געווען די דייטשישע שפּראַך, דאָס באַקאַנטע—די שפּראַך פון חומש.

אין קוים האָבּען יוגגעלייט דערוואָרבּען, דורכ׳ן חומש, אַנ׳-אוצר פון דייטשישע ווערטער און באַגריפען, האָבּען זיי דעם חומש מיט דער גמרא; דעם חדר מיט דער ישיבה אַוועקגעוואָר-פען, און זיך געווענדעט צו דער דייטשישער ליטעראַטור און דייטשישער וויסענשאַפט. אַזוי איז עס געווען אין דייטשלאַנד, אַזוי, שפּעטער,—אין עסטרייך, גאַליציען און רוסלאַנד. מענדעלס-זאָן האָט, אַלדזאָ, דערגרייכט, מיט זיין איבּערזעצונג, פיל, פיל מער, ווי ער האָט גערעכענט; די ווירקונג פון דער איבּערזע-צונג איז געווען אַ סך אַ גרעסערע און אַ טיפערע, ווי ער האָט זיך עס געקאָנט פאָרשטעלען. אָבּער דאָס, וואָס ער האָט גע-וואָלט דערגרייכען, האָט ער נישט דערגרייכט. די, וואָס זענען אויך ווייטער געבּליבּען באַם חומש, באַ דער גמרא און אין ישיבה, זענען אויך ווייטער געבּליבּען באַ די הונדערט מיט איין פּרושים און דרשות און פלפול. די ווידער, וואָס זענען, צו-ליב איבּערזעצונג, אַוועק פון דרש און פון פלפול, זענען איניינעם דערמיט אַוועק פון העבּרעיש, פון דער יידישער ליטע-ראַטור און אָפט אויך פון יידענטום. דאָס איז ער, אַלענפאַלס, נישט אויסען-געווען

אָבער דער פאַקט בלייבט, און אַט דער פאַקט האָט גע-בראַכט דערצו, אַז הגם די איבערזעצונג גופא איז אויסגעהאַלטען אין שטרענג-קאָנסערוואַטיווען גייסט; הגם דאָרט איז קיין שפור ניטאָ פון דער ביבעל-קריטיק, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אָנגעהויבען צו שפּראָצען, האָבען דאָך די גרויסע רבנים פון יענער צייט — רבי רפאל, האַמבורגער רב, רבי יחזקאל לאַנדוי, פּראָגער רב און אַנדערע, מרעיש-עולמות-געווען אויף דער אי-בערזעצונג. אין איין אָרט האָט מען אפילו די איבערזעצונג (אָבער ניט דעם איבערזעצער!) מחרים-געווען און געוואָרענט יידען זיך ניט צו באַנוצען מיט איר. אָבער דער חרם און דאָס וואָ-רעניש האָבען, ווי שטענדיק, נור געבראַכט דערצו, אַז יונגעלייט האָבען אָנגעהויבען צו „שטודירען" די איבערזעצונג בגנבה, מיט מסירת-נפש. און ווי יעדע פאַרבאָטענע פרוכט, האָט אויך „מענ-דעלסזאָנ'ס חומש", צוליב דעם חרם, באַקומען נאָך מער חן, נאָך מער ווירכטיקייט אין די אויגען פון דער יוגענט, און, ממילא, נאָך אַ גרעסערע ווירקונג... פאַר טויזענטער ישיבה-בחורים האָט די איבערזעצונג געגאָלטען, ווי אַ שליסעל צו דער גייסטיקער אייראָפּע, צו אייראָפּעישער בילדונג, בעת די ווירקלעכע, מאַטע-ריעלע אייראָפּע איז נאָך אַ לאַנגע צייט געבליבען פאַרשלאָסען, פאַר זיי, און דייטשלאַנד האָט זיי פאַר בירגער ניט אָנערקענט.

אָבער אויך אין דעם פּרט, אַז אייראָפּע זאָל אָנערקע-נען יידען פאַר בירגער און זיי געבען בירגער-רעכט, האָט מענ-דעלסזאָן אַ גרויסע ווירקונג געהאַט.

וואָרום אינמיטען דעם 18-טען יאָרהונדערט האָט זיך אין אייראָפּע אָנגעהויבען אַ באַוועגונג פאַר יידישער גלייכבאַרעכטי-גונג—ריכטיקער: קייגען יידישער רעכטלאָזיקייט און אונטערדרי-קונג. מאָנטעסקיע אין פראַנקרייך דורך ליטעראַטור; דער קעניג געאָרג דער צווייטער פון ענגלאַנד — דורך געזעצגעבונג, און שפּע-טער אויך יוסף דער צווייטער פון עסטרייך האָבען צוליב פאַר-שידענע מאָטיווען געזוכט צו פאַרבעסערען די יידישע לאַגע. אָבער

יעדער פרוב פון איין זייט, די יידישע לאַגע צו פאַרבעסערן, האָט, פון דער אַנדערער זייט, אַרויסגערופען אַ מוראדיקע העצע קעגען יידען. מענטשען, וועלכע האָבען פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין דער דענקענדיקער געזעלשאַפט, האָבען נישט געקאָנט בלייבען קיין גלייכגילטיקע צושויער בײַ דעם קאַמף, וואָס איז געפירט געוואָרען פאַר און קעגען דער גערעכטיקייט, דער באָדען, אויף וועלכען דער קאַמף איז געפירט-געוואָרען, איז געווען די רעליגיע, די יידישע פאַרטיידיגער האָבען באַוויזען, אַז די יידישע רעליגיע שטייט העכער פון דער קריסטלעכער, על-כל-פנים נישט נידעריקער—ממילא זענען יידען אַזוינע מענטשען, ווי אַלע, און עס קומט זיי גלייכע רעכט מיט אַלע. דאָס האָט גע-טון לעסינג און אַנדערע. יידישע געגנער האָבען באַוויזען, אַז די יידישע רעליגיע האָט אין זיך פאַרדאָרבענע עלעמענטען, ממילא זענען יידען פאַרדאָרבענע מענטשען, פיל ערגער, ווי די קריסטען,—קאָן מען זיי נישט געבען די זעלבע רעכט, וואָס קריסטען האָבען. דאָס האָט געטון דער איינפלוסרייכסטער שונא פון יידען אין 18-טען יאָרהונדערט—וואָלטער.

אָבער נישט אַלע האָבען גענומען די רעליגיע פאַר׳ן אויס-גאַנגס-פונקט אין דער יידען-פראַגע. די אידעען פון מאָנטעסקיע, רוססאָ און אַנדערע פאָרליפער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלו-ציע, האָבען שוין אומגעשוועבט אין דער לופט. די געדאַנקען וועגען דער גלייכקייט פון אַלע מענטשען—אָהן אונטערשייד פון נאַציע און רעליגיע—האָבען געשפּראָצט פון אַלע זייטען. שוין מאָנטעסקיע רעט וועגען דער יידען-פראַגע, דערהויפט פון רעכט-לעכען שטאַנטפונקט. מענדעלסאָהנ׳ס אַ נאָענטער פריינד, דער דייטשישער שריפטשטעלער דאָהם, שרייבט אין יאָר 1781 זיין באַוואוסט ווערק: „די בירגערלעכע פאַרבעסערונג דער יודען״, ווי ער מיינט-אויס אינגאַנצען די רעליגיעזע זייט פון דער פראַגע. ער שטיצט זיך, דערהויפט, אויף פאָליטיש-עקאָנאָמישע יסודות. דאָ באַווייזט ער, ווי וויכטיק עס איז אז פאַר יידען, אי פאַר די

מלוכות, אַז יידען זאָלען האָבען דיזעלבע בירגערלעכע רעכט, וואָס אַלע אַנדערע. נאָכמער. ער לייגט-פאָר, אַז יידען זאָלען האָבען אויטאָנאָמיע אין אַלץ, וואָס עס איז נוגע זייער אינעווייניקסטען, מאַטעריעלען און גייסטיקען לעבען. זיי זאָלען גע׳משפט-ווערען לויט זייערע געזעצען פון דער תורה, תלמוד און זייער ווייטערער ענטוויקלונג. יידישע רבנים זאָלען האָבען דאָס רעכט, וואָס אַנדערע קירכען האָבען—צו באַשטראָפען און מחרים-צו-זיין יענע מיטגלידער פון דער „יידישער קאָלאָניע", וואָס זענען עובר אויף די יידישע געזעצען. דערביי דאַרף, אָבער, די רעגירונג דאָך אַכטונג געבען דעריף, אַז די באַפעלקערונג זאָל נישט צו-גרויס ווערען צוליב אָט די נייע רעכט—ווייל יעדע איבער־באַפעלקערונג, איז אַנ׳אומגליק פאַר דער מלוכה. און נאָך איינס: דאָהם האָט געפאָדערט פאַר יידען נור בירגערלעכע רעכט, אָבער נישט קיין פאָליטישע—ווי צו זיין, למשל, רעגירונגס-באַאמטע—ווייל זייער לאַנגיעריקע קנעכטשאַפט האָט זיי אומפעיק-געמאַכט צו באַפעלען און צו פאַרוואַלטען.

זעלבסטפערשטענדלעך, אַז דאָהמ׳ס ווערק האָט אַרויסגערופען פיל געגנער. אַ פאָרשלאָג, גלייך-צו-מאַכען יידען מיט קריסטען אין זייערע רעכט, האָט אין יענער צייט, באמת געדאַרפט אויסזען משונה־ווילד. דאָהם האָט, אָבער, געפונען פיל אָנהענגער אויך, און נישט נור צווישען יידען.

אָבער מענדעלסזאָן בלייבט אומצופרידען מיט דעם ווערק, וואָס זיין פריינד האָט געשריבען. און ווייל אַרום דעם ווערק האָט זיך ענטוויקעלט אַ גרויסע פּאָלעמיק, לאָזט מענדעלסזאָן זיין פריינד דר. מרדכי הערץ, איבערזעצען פון ענגלישען די בראָשור: „תשועת ישראל" פון מנשה בן ישראל, וואָס דער לעצטער האָט אין זיין צייט איבערגעגעבען קראָמוועל׳ן (1656). מענדעלסזאָן שרייבט אַ גרויסע הקדמה צו דער בראָשור, און אין יאָר 1782 דערשיינט זי אונטער׳ן נאָמען: „רעטונג דער יודען" (מאָזעס מענדעלסזאָן, זעמטליכע ווערקע, וויען 1838, ז. 681—729).

אין אָט דער הקדמה, וועלכע פאַרנעמט קנאַפּע 20 זייטען, האָט מענדעלסזאָן אויסגענוצט אַלע מאָטיווען, וואָס דינען נאָך ביז'ן היינטיקען טאָג, פאַר יידישער פאַסטיידיגונג. אַלע מעגלעכע באַשולדיגונגען ווערען דאָ באַריכטיגט און אָפּגעפרעגט.

אין אָנהייב פון דער הקדמה דריקט ער אויס זיין צופרי-דענקייט דערמיט, וואָס ער האָט דערלעבט די צייט, ווען די מענטשען־רעכט, אין זייער גאַנצען פאַרנעם, הייבען־אָן צו ווע-רען אָנ'אַלגעמיינע געוויסענס-פראַגע. ביז-איצט האָבען נור די שוואַכערע, די אונטערדריקטע, גערעט פון טאָלעראַנץ און פון פריידלעכען צוזאַמענלעבען. דאָס האָט, אָבער, קיינעם נישט אי-בערצייגט. וואָרום די הערשענדיקע, די שטאַרקע און אונטער-דריקער האָבען געוווסט, אַז דאָרט, ווו די שוואַכערע קומען צו מאַכט, טוען זיי אויך פונקט דאָס אייגענע, וואָס זיי, די שטאַר-קע, טוען איצט.

און דאָהם, אַלס פילאָזאָפיש-פּאָליטישער שריפטשטעלער, איז מיט זיין שריפט נישט אויסען-געווען זיך אָנצונעמען די עולה פון יידען, נישט פונ'ם יידענטום, נור פון מענטשלעכ-קייט און פאַרטיידיגען יידישע רעכט. אַ גליק פאַר אונדז, וואָס מ'קאָן נישט פארטיידיגען די רעכט פון דער מענטשהייט, סיידען מען פאַרטיידיגט אויך אונדזערע רעכט.

נאָכדעם, ווי ער דערקלערט די מאָטיווען, פאַרוואָס ער האָט עס געהאַלטען פאַר נייטיק איצט, נאָך 130 יאָר, איבערצו-זעצען און צו פאַרעפענטלעכען דאָס ווערק פון מנשה בן ישראל, שרייבט מענדעלסזאָן:

„עס איז מערקווירדיק צו זען, ווי דער פאָרורטייל (קעי-גען יידען) נעמט-אָן די פאַרשידענע געשטאַלטען פון אַלע יאָר-הונדערטען. אין די צייטען פון אַבערגלויבען, האָט מען אונדז באַשולדיגט, אַז מיר שענדען הייליקע בילדער, שטעכען זיי ביז בלוט... שעכטען קריסטלעכע קינדער און פאַרווענדען זייער בלוט צו די מצות, אַז מיר פאַרגיפטען ברונעמס א. ד. ג. מ'האָט

אונדז, אַלדזאָ, באַשולדיגט אין אומגלויבען, אין כשוף-מאַכעריי און אין חבר'שאַפט מיט שדים—אין דערפאַר האָט מען אונדז גע-פייניגט, געראויבט אינדזער פאַרמעגען, אַרויסגעטריבען און אין פייער געוואָרפען. האָבען זיך אָבער די צייטען געענדערט; די דערמאָנטע חשדים מאַכען שוין מער נישט דעם איינדרוק, וואָס אַמאָל. איצט באַשולדיגט מען אונדז אין אָבערגלויבען און אין ווילדער נאַרישקייט. איצט זאָגט מען, אַז אונדז פעלט דאָס גע-פיל פאַר מאָראַל, געשמאַק און גוטע זיטען; אַז מיר זענען נישט פעיק צו קונסט, צו וויסענשאַפט, צו ניצלעכער באַשעפטיגונג, צו קריג- און לאַנד־פאַרטיידיגונג א. ד. ג. אַז מיר האָבען עס בלויז ליב אָפצונאַרען אַנדערע, ווכער נעמען און עובר-זיין דאָס געזעץ. די פאָלגען פון אָט די נייע באַשולדיגונגען, זענען די אייגענע, וואָס פון די אַלטע—פונ'ם שויס פון פאָטערלאַנד אונדז אַרויסצו-שטופען. פריער האָט מען אָנגעווענדעט פיל מי, נישט דערויף, אונדז פאַר נוצלעכע בירגער צו מאַכען, נור פאַר קריסטען. און וויל מיר זענען געווען גענוג איינגעשפאַרט און געבליבען יידען האָט מען אונדז באַטראַכט ווי אַנ'איבעריגע לאַסט אויף דער וועלט, און אויסגעטראַכט אויף אונדז, וואָס איינעם איז נור אין קאָפ איינגעפאַלען, כדי וואָס מער האַס און פאַראַכטונג אַ-רויסרופען צו אונדז. איצט יאָגט מען זיך שוין מער נישט אונדז אָפצו'שמד'ען, מען באַמיט זיך אָבער, אַזוי גוט ווי פריער, אונדז מרחיק-צו-זיין פון קונסט, פון וויסענשאַפט, פון נוצלעכע באַ־שעפטיגונגען; מען פאַרשפאַרט פאַר אונדז אַלע וועגען צו ענט־וויקלונג, און מען וואַרפט אונדז פאָר אונדזער קולטורלאָזיקייט, און דאָס דינט פאַר אַ סיבה אונדז צו אונטערדריקען. מען האַלט אונדז מיט געבונדענע הענט, און מ'מאַכט אונדז דעם פאָרוואורף, פאַרוואָס מיר באַנוצען זיך מיט זיי" (דאָרט, זייטען 683—684).

ה' דאָהם רעט בלויז פון די באַשולדיגונגען פון די לעצ-טע צייטען. אפשר מיט רעכט. זיינע לעזער האַלטען שוין אפשר נישט מער פון די פאַרצייטיקע בלבולים. נור אויב ער

מײַנט, אַז די דאָזיקע בלבולים עקזיסטירען שוין כלל ניט, איז עס אַ טעות. אפילו אין דער געלויבטער אויפקלערונגס-צײַט, האָט מען דאָך ערשט די פּאָזנער יידען געמאַכט אַ פּראָצעס וועגען עלילת-דם. די רבנים האָט מען אַזוי לאַנג געפּײַניגט און גערע-דערט, ביז זיי זענען אונטער די הענט פון דער פּײַניגענדער גערעכטיקייט" געשטאָרבען. „באַרמהאַרציקער גאָט!—רופט מענ-דעלסזאָן אויס—און די מענטשען זענען דאָך געווען אַזוי אומשול-דיג, בנוגע צום דערמאָרדעטען קינד, אויב עס איז בכלל געווען אַ מאָרד, אין וואָס עס לאָזט זיך זייער צווייפלען,—אַזוי ווי איך און מײַנע לעזער זענען דערין נישט שולדיג". און ער רע-כענט-אויס אַ גאַנצע ריי פון די ווילדסטע באַשולדיגונגען קעגען יידען, וואָס גייען נאָך אום פון מויל צו מויל, הגם קיין פאַרשטענדיגער מענטש גלייבט שוין מער נישט אין זיי. דאָס דערקלערט ער דערמיט, וואָס די אַלטע בלבולים אויף יידען האָבען די טבע, אַז „ווען מ'שנײַדט-איבער זייערע וואָרצלען, שפּען זיי די נייטיקע זאַפט פון דער לופט"... (דאָרט, 686—87).

עס ווערט פיל גערעט דערפון, אַז יידען קאָנען דער מלוכה נישט נוצלעך־זײַן. און מענדעלסזאָן שילדערט די ראָלע פון יי-דען אין האָלאַנד, ווו צוליב דער פרײַהייט, גוטע געזעצען און דער גוטער באַציונג צו מענטשען—אָהן אונטערשייד פון קליי-דונג, מיינונג, זיטען, מנהגים און רעליגיע, זענען פון זומפּען גע-וואָרען בליענדיקע שטעט. און יידען האָבען דערבײַ ווײַט נישט די קלענסטע ראָלע געשפּילט. און וואָס הייסט דען בכלל „מענ-טשען זענען דער מלוכה נישט נוצלעך?" ס'זענען נישט אַ אַזוינע מענטשען, וואָס זאָלען אין קיין פּרט נישט קאָנען נוצ-לעך־זײַן. פאַר אַ קלוגער רעגירונג איז אפילו „קיין בעטלער נישט צופיל, קיין קריפּעל—נישט לחלוטין אומנוצלעך". (דאָרט, ז. 687).

קעגען יידען קומט מען אויך אָפּט מיט דער טענה: זיי פאַרנעמען זיך נישט מיט קיין פּראָדוקטיווער אַרבעט. זיי זענען נישט קיין ערד-אַרבעטער, נישט קיין קינסטלער און נישט קיין

בעלי-מלאכות, זיי העלפען נישט דער נאטור אין ארויסברענ-
גען אירע גיטער, נור זיי פארנעמען זיך דערהויפט מיט קויפען
און פארקויפען און איבערטראגען רוי-מאטעריאל, אדער פארטי-
גע פראדוקטען פון איין ארט אין אנדערען, זיי זענען, אלדזא,
בלויז פארצערער, און פאלען צו לאסט אויף יענע, וואס שאפען
די נארונגס-מיטלען. די הענדלער, פארמיטלער און צווישען-
הענט-צווישען דעם, וואס שאפט די פראדוקטען, און צווישען
די, וואס פארצערען זיי—זענען אנ׳אומזיסטע לאסט פאר די, וואס
שאפען די נארונגס-מיטלען. דער געלערטער, וואס שטעלט-ארויס
אט די טענות קומט צום אויספיר, אז די מלוכות מוזען זען,
אדער די יידען ארויסטרייבען, אדער זיי צווינגען זיך צו פאר-
נעמען מיט ערד-ארבעט אדער מלאכה, אבער אויב שאפען טוט
עס נור דער, וואס שאפט אזוינס, וואס לאזט זיך אנטאפען מיט
די הענט—דעמאלט זענען נישט בלויז יידען, נור דער גרעס-
טער טייל באפעלקערונג פון דער מלוכה, אומנוצלעכע, איבעריי-
גע מענטשען. די איינציקע חשובים וועלען דאן בלייבען: די
אקער־קנעכט בא דער ערד-ארבעט און די געזעלען בא
דער מלאכה. ווארים די ערד-אייגענטימער און די מייס-
טערס שאפען ס׳רוב אליין, מיט די אייגענע הענט, גארנישט.
אלדזא—דריי פערטעל פון דער באפעלקערונג זענען בלויז אומ-
נוצלעכע מיילער? ס׳איז קלאר, אז דא שטעקט א טעות. ווא-
רום נישט בלויז מאכען, נור אויך טון הייסט שאפען, ארויס-
ברענגען. נישט בלויז דער, וועלכער ארבעט מיט די הענט, נור
ווער עס טוט, באוועגט, פארגרינגערט דאס לעבען פון
מענטשען, צו זיינע נוצען אדער פארגעניגען, פארדינט אויך דעם
נאמען: שאפער דער ארויסברענגער. און אפט טרעפט עס, אז
וואס ווייניקער באוועגונג יענער וועגדעט-אן בא זיין טון און
אויפטון, אלץ גיכער פארדינט ער דעם נאמען שאפער. דער סוחר,
וואס זיצט בא זיין פולט, אדער אין רו-שטול און ארבעט-אויס
האנדעלס-פלענער, שאפט אין עצם, מער ווי דער ארבעטער

אָדער בעל-מלאכה, וואָס מאַכט אַממערסטען געריש. דער גע-לערטער שאַפט אויך, הגם נור זעלטען־ווען זיינע שאַפונגען לאָ-זען זיך מיט די הענט אָנטאַפען, אָבער ער שאַפט דאָך גיטער, וואָס זענען ווערט ניט ווייניקער, על-כל-פנים, פון יענע, וואָס דער אַרבעטער און דער געזעל שאַפען. נור באַ אַ שלעכטער שטימונג קאָן אַ פאַרניִנפטיקער מענטש זאָגען: דער פאַריזער ביסקוויט-בעקער שאַפט מער, ווי די אַקאַדעמיע פאַר וויסענשאַפ-טען—ווי דאָס זאָגט רוססאָ (דאָרט 688—89).

נאָכדעם, ווי ער באַווייזט דעם גרויסען נוצען, וואָס די וועלט האָט פון די פאַרמיטלער, אָדער „צווישען-הענט״ צווישען דעם, וואָס שאַפט די גיטער און דעם, וואָס פאַרצערט זיי, גייט ער איבער צו דער פראַגע וועגען דער אויטאָנאָמיע, וואָס דאָהם האָט פאָרגעשלאָגען.

די אויטאָנאָמיע פון אַ קאָלאָניע, און די מלוכה׳שע רעכט, וואָס זי באַקומט דערביי, לאָזען זיך איינטיילען אין צווייערליי: אויף ציוויל־זאַכען, אָדער אייגענטומס-רעכט, און אויף גייסטיקע, צי רעליגיעזע זאַכען, אָדער קירכלעכען רעכט. בנוגע דעם ער-שטען מין רעכט, קאָן מען דאָס, אָהן שאָדען פאַר דער מלוכה, איבערלאָזען דעם איינזען אָדער אָפמאַך פון די מיטגלידער פון דער קאָלאָניע צווישען זיך. מצד דער מלוכה קאָן מען זיי פאַר-גינען אַלע זייערע שטרייט-פראַגען וועגען מיין און דיין זאָלען געמשפט-ווערען לויט׳ן יידישען רעכט.

ווי האַלט עס אָבער מיט׳ן קירכלעכען רעכט? וואָס איז אַזוינס קירכלעכער געוואַלט און קירכלעכע מאַכט? „איך מוז מודה-זיין, אַז איך שטעל מיר ניט פאָר קיין שום רעכט אויף פערזאָנען און אויף זאַכען, וואָס זענען פאַרבונדען מיט מיינונ-גען; דאָרט, ווו עס האַנדעלט זיך וועגען אייביגע אמת׳ן, פאַר-שטיי איך ניט, ווי קאָן אַ מענטש דערגרייכען געוויסע רעכט אויב ער שטימט-איין מיט געוויסע מיינונגען, און די רעכט פאַר-לירען, אויב ער קאָן ניט, אָדער וויל ניט איינשטימען מי־

זיי? אַמווייניקסטען שטעל איך מיר פאָר רעכט און גוואַלט איבער מיינונגען, וואָס זענען פאַרבונדען מיט רעליגיע, וואָס זאָלען דער קירך אָנגעהערען. די אמת'ע געטלעכע רעליגיע, מעסט זיך ניש אָן קיין גוואַלט איבער מיינונגען, האָט קיין תביעה נישט אויף אָפּצונעמען, אָדער צו שענקען וועלטלעכע גיטער, געניס אָדער פאַרמעגען; זי אָנערקענט נישט קיין אַנדער מאַכט, ווי די מאַכט פון איבערצייגונג, אין דירך איבערצייגונג גליקלעך צו מאַכען. די אמת'ע, געטלעכע רעליגיע דאַרף נישט קיין שטאַרקע אָרעמס. און נישט קיין פינגער, כדי זיך צו באַנוצען מיט זיי; זי איז לויטער גייסט אין האַרץ" (דאָרט 692). מיט גוואַלט קאָן מען איינעם צווינגען דאָס און דאָס טון, אָדער נישט צו טון. מען קאָן, אָבער, קיינעם נישט צווינגען אַזוי, אָדער אַנדערש צו מיינען, אָדער נישט צו מיינען. און ווו דער צוואַנג איז פון נאַטור-אויס אוממעגלעך, דאָרט קאָן מען אויך נישט רעדען פון רעכט, נישט פון מאַכט און נישט פון גוואַלט.

דערפאַר וווּנדערט זיך מענדעלסזאָן, ווי קומט דאָהם צו שרייבען: „ווי יעדע קירכלעכע געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט אויסצעשליסען אירע ווידערשפעניקע מיטגלידער, אַזוי דאַרף אויך די יידישע קירך האָבען דאָס רעכט מחרים-צו-זיין און אויסצעשליסען אירע מיטגלידער, ווען די רבנים געפינען עס פאַר נייטיק; פאָלגט יענער נישט—דאַרף די רעגירונגס-מאַכט זיי קומען צו הילף". „איך מיין, אַז יעדע געזעלשאַפט האָט רעכט אויסצעשליסען אירס אַ מיטגליד, אָבער נישט די קירך—ווייל דאָס איז קייגען דעם עצם מהות אירען. זי דאַרף צוציען די שוואַכע אין אָפּגעשטאַנענע, אָבער נישט אַרויסשטויסען זיי". (דאָרט 694—95).

און מענדעלסזאָן ברענגט ראיות פון תנ"ך און פון תלמוד, אַז דאָס יידענטום איז שטענדיק געווען קייגען חרם און קייגען אויסשליסען פון דער געמיינדע. פאַרקערט, מ'האָט שטענדיק געזען צוציען דעם זינדיגען, כדי ער זאָל זיך בעסערען.

זאָל, אָבער, זײַן, װי עס װיל זיך, איינס איז זיכער: „נאָך איז קיין גײַסטלעכקייט ניט אַזוי אויפגעקלערט, אַז מ'זאָל איר קאָנען, אָהן געפאַר, אָנטרויען אַזאַ רעכט—אויב מ'זאָל שוין אפילו אָנעמען, אַז אַזאַ רעכט איז בכלל מעגלעך. נאָכמער. וואָס אויפגעקלערטער אַ גײַסטלעכקייט איז, אַלץ גיכער וועט זי זיך אָפּזאָגען פון אַזאַ רעכט. די פרומסטע צווישען די רבנים—דערין איז מענדעלסזאָן איבערצײַגט—וועלען זיך אַליין אָפּזאָגען פון דעם רעכט, וואָס ה' דאָהם לייגט זיי פאָר.

די דאָזיקע איבערצייגונג איז, אָבער, ווײַזט אויס, ניט גענוג שטאַרק-געווען בײַ מענדעלסזאָנען. ווארום באַלט נאָך דעם, ווענדעט ער זיך צו די יידען, מיט פאָלגענדע ווערטער:

די פעלקער ווערען טאָלעראַנטער, און הייבען-אָן צו קוקען אויף אייך אויך מיט ליבע און פרײַנדשאַפט, און עס קאָן מיט דער צײַט קומען צו אמת'ער ברידער-ליבע צווישען פעלקער. אָ, מײַנע ברידער, טוט נאָך דעם בײַשפּיל פון ליבע, ווי איר האָט ביז-אַהער נאָכגעטון דעם בײַשפּיל פון שנאה, ווילט איר אַנדערע זאָלען אײַך דולדען און שוינען, דולדעט און שוינט איינער דעם אַנדערען, צווישען זיך. האָט ליב, וועט מען אײַך ליב-האָבען״ (דאָרט ז. 697).

דער געדאַנק מענדעלסזאָן'ס, אַז די קירך האָט ניט דאָס רעכט צו געוועלטיגען איבער אירע אָנהענגער; אַז זי טאָר זיך ניט באַנוצען מיט קיין צוואַנגס-מיטלען קעגען אירע אומגלויביקע—האָט שטאַרק געוואונדערט און אויפגערעגט די קריסטלעכע גײַסטלעכע. איז דאָך נאָך די גאַנצע קאַטוילישע וועלט שוואַרץ-געווען פון דעם רויך, וואָס איז געווען אויפגעגאַנגען פון די אויטאָ-דאַפעס. וואָס זענען נאָך ניט אינגאַנצען געווען אויסגעלאָשען. די פּראָטעסטאַנטישע, ווי די גריכישע קירכען, זענען אויך ניט ווײַט געווען אָפּגעשטאַנען פון קאַטאָליציזם. און דאָ קומט אַ ייד און זאָגט זיי, די פאָרשטייער פון דער אייגענטלעכער ליבעס-רעליגיע. ווי דאָס קריסטענטום לאָזט זיך רופען

אַז די אײַנציקע מיטלען, מיט וועלכע די קירך, אָדער די רעלי-גיע דאַרף ווירקען אויף אירע אָנהענגער, זענען: גנאָד און ליבע!

און נישט בלויז קריסטלעכע גײַסטלעכע. פרומע יידען זע-נען אויך געווען אומצופרידען מיט מענדעלסזאָנ׳ס מײַנונגען און געזען אין זיי געפערלעכע אפיקורסות. געפינען מיר דאָך אין דער תורה אויך „ארבע מיתות בית-דין״ פאַר רעליגיעזע פאַר-ברעכענס!...

נור ווײַל מענדעלסזאָן האָט אין דעם ווערק זײַנעם אַזוי שטאַרק אונטערגעשטראָכען די ליבע, האָבען געבילדעטע קריסט-לעכע גײַסטלעכע אָנגענומען, אַז מענדעלסזאָן האָט זיך אָפּגעקערט פון דער יידישער רעליגיע; אַז ער איז מער גענייגט צו יענער רעליגיע, דער קריסטלעכער, וואָס איז געבויט אויפ׳ן יסוד פון ליבע...

און ווידער ענטוויקעלט זיך אַ גרויסער רעליגיעזער דיס-פוט אַרום יידען און יידענטום. אָט דער דיספוט ברענגט מענ-דעלסזאָנען צום שרײַבען אַ גרויס ווערק וועגען די פראַגען פון רעליגיע און מלוכה. דאָס איז דאָס לעצטע און וויכטיקסטע ווערק, וואָס מענדעלסזאָן האָט געשריבען. ביז אויפ׳ן הײַנטיקען טאָג האָט דאָס בוך, אין פיל פרטים על-כל-פנים, זײַן ווערט נישט פאַרלוירען—דאָס איז זײַן בוך: ירושלים״.

שוין הונדערטער יאָרען—שרײַבט מענדעלסזאָן אין אָנהייב פון זײַן בוך „ירושלים״—אַז מען באַמיט זיך פעסטצושטעלען די גרענעצען, וואָס שיידען-אָפּ מלוכה פון רעליגיע, און ביז אויפ׳ן הײַנטיגען טאָג איז עס נישט געלונגען צו דערגרייכען. הײַנט האָט מען די גרענעצן פעסטגעשטעלט און מאָרגען, זעט איר, ווי די קירך טרעט אַריבער די גרענעצן פון איין זײַט, און שטעלט אַ פוס אין געביט פון מלוכה, און מלוכה, פון דער אַנ-דערער זײַט, שפרײַזט אויך אַריבער די גרענעצן און שטעלט זיך אין געביט פון דער קירך. און די אומקלאָרקייט, וואָס הערשט

אין דער פּראַגע, וועגען באַשטימען גענוי די געביטען און זייער אָפּשיידען איינעם פונ'ם אַנדערען, האָט שוין ניט וויניג צרות געבראַכט די מענטשען, און וועט נאָך אויך ווייטער ברענגען. ווארום קריגען זיך די ביידע צווישען זיך—איז דאָס מענטשלעכע געשלעכט דער קרבן, וואָס פאַלט דאָ אין שטרייט. מאַכען זיי שלום צווישען זיך, דאַרף דערביי אומקומען דאָס בעסטע און טייערסטע, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט—וואָרום זעלטען ווען זיי זאָלען שלום-מאַכען צווישען זיך, און דער הויפּט-תנאַי פון שלום זאָל ניט זיין: אַרויסטרייבען די געוויסענס-פרייהייט פון די גרענעצען, ווו זייער מאַכט דערגרייכט (דאָרט, זייטען: 18—217).

און דאָך לאָזען זיך די ביידע אונטערשיידען פּאַנאַנדער.

די מלוכה, אָדער שטאַט, באַפעלט און צווינגט. די רעליגיע לערנט און רעט-איבער; דער שטאַט קומט מיט געזעצען, די רעליגיע—מיט געבאָטען. דער שטאַט האָט פיזישע מאַכט און באַנוצט זיך מיט איר, ווו ס'איז נייטיג, די מאַכט פון דער רעליגיע איז ליבע און גוטס-טון. דער שטאַט שטויסט-אַרויס דעם ניט-געהאָרכזאַמען פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט (זעצט אים אין טורמע, פאַרשיקט אים), די רעליגיע נעמט אים אַריין אין איר שויס, מיט איין וואָרט: די בירגערלעכע געזעלשאַפט, אַלס מאָראַלישע פּערזאָן, האָט צוואַנגס-רעכט, וואָס זי האָט באַקומען דורכ'ן שטיל-שווייגענדיקען „אָפּ-מאַך" צווישען די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. די רעליגיעזע געזעלשאַפט האָט ניט קיין צוואַנגס-רעכט און קאָן זי ניט באַקומען דורך קיין שום אָפּמאַך. מלוכה האָט, אַלדזאָ, פאָלקאָמענע רעכט, די קירך ניט קיין פאָלקאָמענע. אָבער אפילו מלוכה האָט רעכט צו באַפוילען נור בנוגע צו טון, אָדער צו ניט-טון. זי קאָן אָבער ניט באַפוילען וועגען טראַכטען אָדער ניט-טראַכטען. מלוכה קאָן באַשטראָפען פאַר טאַטען, אָבער ניט פאַר געדאַנקען. און נאָך ווייניקער, האָט די

קירך רעכט צו שטראָפען פאַר געדאַנקען, פאַרפאָלגען און ברענ-
גען אויפ'ן פייער. טוט זי דאָס יאָ—און זי טוט עס אין די אוי-
גען פון דער גאַנצער וועלט--איז עס, פון איר זייט, אַ חוצפה
און אַ פעלער (דאָרט, זייטען 225—261).

און די יידישע תורה?

געוויס זענען אין איר פאַראַן באַשטימטע שטראָפען פאַר
געוויסע רעליגיעזע פאַרברעכען. וואָסערע באַדינגונגען זענען,
אָבער, דעמאָלט געווען! בא יידען איז געווען אַ טעאָקראַטישע
מלוכה-אָרדנונג. ד. ה. די רעליגיעזע געזעצען און די בירגער-
לעכע געזעצען זענען געווען איינע און דיזעלביקע. די באַציהונג
פון פרט צום כלל און זיין באַציהונג צו גאָט, זענען זיך צונויפ-
געקומען אין איין פונקט. גאָט, דער באַשאַפער פון דער וועלט
און איר פירער, און אויך דער מלך פון יידישען פאָלק. די
גאַנצע בירגערלעכקייט איז געווען אַריינגעגאָסען אין רעליגיעזע
פאָרמען, אַריינגעוויקעלט אין קדושה. דאָס דינען דער געזעלשאַפט
איז אויך געווען גאָטעס-דינסט. יעדער פאַרברעך קעגען גע טל ע-
כען געזעץ, איז אויך אַ פאַרברעך קעגען מלך, איז אויך אַ
פאָליטישע זינד, אַ בירגערלעך פאַרברעכען. ווער עס לעסטערט
גאָט, לעסטערט דעם מלך פון פאָלק. ווער עס איז מחלל שבת,
איז עובר דערמיט אויף איינעם פון די געזעצען, וואָס זענען
וויכטיק פאַר דער בירגערלעכער געזעלשאַפט. נישט פאַר נישט-
גלויבען, נישט פאַר פאַלש-דענקען האָט די תורה באַשטראָפט,
נור פאַר עובר-זיין אויף די געזעצען פון דער מלוכה, פאַר
שטערען די אָרדנונג פון דער געזעלשאַפט (דאָרט, זייטען 283—284).

אָבער זינט דער בית-המקדש איז חרב-געוואָרען, זינט די
יידישע מלוכה איז צעשטערט, זענען בטל-געוואָרען—אויך לויט
דער תורה--אַלע קערפּערלעכע שטראָפען, אַלע „מיתות בית דין"
און אפילו געלט-שטראָפען (קנסות). פאַרוואָס? ווייל דער פּאָלי-
טיש-בירגערלעכער בונד צווישען יידען, איז פאַנאַנדערגעבינדען
געוואָרען; די רעליגיעזע חטאים האָבען אויפגעהערט צו זיין

פאָליטישע חטאים, די אמונה אַליין אַלס אמונה, ווייסט נישט פון קיין אַנדער שטראָף אויסער געוויסענבייסע, וואָס דער זינ-דיקער לייט פאַר זיך, בעת ער באַטראַכט זיך וועגען דעם, וואָס ער האָט געטון.

און נאָך איינס, די תורה איז בלויז אַ פראַקטיש בוך מיט מצוות, וואָס דער מענטש דאַרף מקים-זיין, און לעבען לויט זיי. דערצו געפינען מיר אין דער תורה אַנ׳אוצר מאָראַלישע לערען, וועלכע זענען פאַרשמאָלצען מיט דיזעלבע מצות, די באַציונג צווישען די מצוות און לערען—אָדער כונות—וואָס שטעקען אין זיי, איז די אייגענע באַציונג, וואָס צווישען גוף מיט דער נשמה. די דאָזיקע כונות זענען ס׳רוב קלאָר פאַר אַלעמען. אָבער יע-דער מענטש האָט רעכט אויפצופאַסען און צו דערקלערען די מצוות, ווי ער וויל, און אַריינלייגען אין זיי די כונות, וואָס ער געפינט פאַר גוט און פאַסיק. וואָרום קיינער צווינגט אים נישט צו גלויבען אין די כונות פון די מצוות, אין זייער זין. די תורה זאָגט אונדז בכלל נישט: אַזוי זאָלסטו גלויבען, אָדער אַזוי זאָלסטו נישט גלויבען, נור אַזוי זאָלסטו טון און אַזוי זאָלסטו נישט טון. יעדער ייד איז מחויב מקים-זיין די מצוות, ער איז, אָבער, נישט מחויב צו גלויבען אין זיי. די תורה איז נור אויסען צו צווינגען דעם מענטשען צו מעשים טובים, צו גוטע טאַטען, אָבער די גוטע כונה—דאָס וועגט זיך איינגאַנצען אָן ווילען פון מענטשען.

אָבער דערפאַר קאָנען מיר אויך נישט אַראָפּוואַרפען פון זיך דעם עול פון די מצוות. מיר זענען פריי צו זוכען טעמים פאַר די מצוות. מעגלעך, אַז די, אָדער יענע מצוה, איז אָפּהענ-גיק פון די לעבענס-באַדינגונגען אין יענער צייט, ווען זי איז אונדז געגעבען געוואָרען. עס איז, אַלדזאָ, מעגלעך, אַז די איינע, אָדער אַנדערע מצוה, האָט נישט מער איצט בּאַ אַנדערע באַ-דינגונגען, דעם זין, וואָס זי האָט דעמאָלט געהאַט, אָבער בטל מאַכען די מצוות קאָן נור יענער געזעצגעבער, וואָס האָט זיי גע-

שאַפען—אויב ער וועט דאָס אונדז מודיע-זיין אויפ'ן זעלבען אופן, באַ דער זעלביקער פייערלעכער עפענטלעכקייט, ווי ער האָט זיי אונדז געגעבען. אָבער, כל-זמן דאָס איז נישט געשען, זענען מיר מחויב די מצות אויך ווייטער מקים-צו-זיין, און אויסער דעם, דאָס, וואָס אַלע יידען זענען אויף איין שטייגער מקים איינע און דיזעלבע מצות, גילט דאָך ווי אַנ'אייזערנע קייט, וואָס פאַרייניגט די יידען, וועלכע זענען צעשפרייט אויף דער גאַנצער וועלט (דאָרט, ז. 287 און זייטען 936—7, אין בריף צו הומבערג פון יאָר 1783). עס איז דערום קלאָר: „ווער עס איז נישט געבוירען אין דעם געזעץ, דער דאַרף זיך אָן דעם גע-זעץ נישט אָנבינדען. ווער עס איז, אָבער, אין דעם געזעץ גע-בוירען, דער מוז לויט אים לעבען און שטאַרבען״ (דאָרט, ז. 288). פאַר יעדער מענטש, איז זיין געזעץ, אין וועלכען ער איז געבוירען, דאָס העכסטע, און נור דורך אים קאָן עס קומען צו זעליקייט.

און דעריבער לאָזט ער אויס זיין ווערק מיט דעם צורוף: „ברידער, אויב איר זענט באמת אויסען גאָטזעליקייט צו שאַפען, טאָ ווילט נישט, אַז אַלע מענטשען זאָלען איינס לייגען, אַז זיי זענען איינשטימיג דאָרט, ווו די פאַרשידענע מיינונגען זענען נויטווענדיק״. קיינער פון אונדז גלייבט נישט און פילט נישט אַזוי, ווי זיין חבר. צו וואָס זשע זאָלען מיר נאַרען איינער דעם אַנדערען, אין דער וויכטיקסטער אָנגעלעגענהייט פון אונדזער לעבען. „גלויבענס-פאַריינינונג—ווי איר פאַרלאַנגט—איז נישט קיין טאָלעראַנץ, נור דער היפך פון איר״. לאָזט נישט צו קיין הערשענדיקע רעליגיעס—די רעליגיע קאָן נישט און דאַרף נישט הערשען. זאָל דער שטאַט אַכטונג-געבען אויף טון, אָבער דענקען און רעדען לאָזט אונדז אַזוי, ווי אונדז איז פון אונדזער אַלגעמיינעם פאָטער באַשערט. „ווען מיר גיבען דעם קיסר, וואָס איז דעם קיסר'ס, טאָ גיט איר גאָט, וואָס איז גאָטס! האָט ליב דעם אמת, האָט ליב דעם פרידען״

דאָרט, זײַטען 290—291).

דאָס בוך (דערשינען 1783) האָט געהאַט אַן אויסערגעוועג־לעכען ערפאָלג. אַזאַ פילאָזאָף ווי קאַנט, אַזאַ פּאָעט און דענ־קער ווי געטהע, אַזאַ פּאָליטיקער ווי מיראַבאָ און פיל אַנ־דערע—אַלע האָבען עס געהאַלטען פאַר זייער היילינער פליכט, עפענטלעך אויסצודריקען זייער באַוואונדערונג אויף דעם מײַס־טערווערק פון מענדעלזאָהן.

---

און בעת מענדעלסזאָהן האָט זיך באַמיט וועגען דער אויפ־קלערונג און טאָלעראַנץ צווישען דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, האָבען זײַנע נאָענטע און פרײַנד אָנגעהויבען די איינענע אַר־בעט צו טון צווישען יידען. עס ווערט פאַרעפענטלעכט אַן אויפ־רוף צו אַלע יידען צו גרינדען אַ חברה: „דורשי לשון עבר״ און אַ צײַטונג מיט'ן נאָמען „מאסף״, וועגען דעם „מאסף״ און זײַן ווירקונג, וועט אונדז נאָך אויסקומען שפּעטער צו רעדען אויספירלעך. דאָ זאָל נור באַמערקט ווערען, אַז מענדעלסזאָהן האָט דאָרט געדרוקט עטלעכע קליינינקייטען (שירים). ערשטענס דערפאַר—ווײַל ער האָט זיך אפשר נישט געוואָלט אַרײַנלאָזען מיט יונגעלײַט, וואָס האָבען געוואָלט אַרויסטרעטען מיט שטורם און דראַנג (דאָס ערשטע העפט פון „מאַסף״ איז דערשינען אין הערבסט 1783). און צווייטענס, איז מענדעלסזאָהן דעמאָלט געווען אין טרויער אויפ'ן טויט פון זײַן ערשטען און גרעסטען פרײַנד —לעסינג.

פאַר דער וועלט איז לעסינג שוין געווען געשטאָרבען מיט אַ צײַט פריער, אין יאָר 1780. אָבער בײַ מענדעלסזאָנען אין האַרצען, האָט ער נישט אויפגעהערט צו לעבען. מענדעלסזאָהן שרײַבט וועגען דעם צום פּראָפעסאָר ראַמלער:

„. . . . ווען איך באַשעפטיג זיך מיט אַ ליטעראַרישער אַרבעט, בין איך עס געווינט מיר פאָרצושטעלען איינעם פון מײַנע פרײַנד אַלס לעזער, און שטרעב דערבײַ, דערהויפּט אים

צו געפעלען. בא פילאזאפישע ארבעטען, איז עס געווען אונדזער פריינד לעסינג—געווען, און בלייבט נאך איצט אונדזער פריינד לעסינג, ווי לאנג די נשמה האלט זיך נאך אין מיר. ווארום הגם דער טויט האט אים צו-פרי איינגעשלינגען, איז ער דאך פאר מיר נישט טויט; שטענדיק שטייט ער לעבעדיק פאר מיר. און בא יעדער פילאזאפישער ארבעט, וואס איך שרייב, פרעג איך זיך אליין: צי וואלט לעסינג צופרידען געווען דערמיט?"

און אין דער אייגענער צייט קומט מענדעלסזאן'ס א באקאנטער און לעסינגס א פריינד, יאקאבי, און דערקלערט אין דער עפענטלעכקייט, אז מענדעלסזאן האט אייגענטלעך נישט געקענט לעסינגען; אז לעסינג איז לאנג שוין געווען אנ'אנהענגער פון ספינאזע'ס פילאזאפיע, וועלכע לייקענט אין דער געטלעכער השגחה, גלייבט נישט אין דער מציאות פון א גאט, וועלכער עקזיסטירט פאר-זיך, ווי א פערזאן, אויסער, אדער איבער דער וועלט. ער האט עס נור מענדעלסזאנען נישט געוואלט אויסזאגען—ווייל ער האט אים נישט געוואלט מצער-זיין.

הייסט עס: לעסינג איז נישט געווען אויפריכטיק מיט אים; ער איז מיט אנדערע געווען אפענהארציקער, ווי מיט אים! נור איין טרייסט: יאקאבי זאגט ליגען! אין א שפעטערער שריפט שרייבט יאקאבי, אז מענדעלסזאן מאכט אים פאר א ליגנער—ווייל בא זיין גאנצער טאלעראנץ וואלט ער נישט געקאנט ליב האבען לעסינגען, ווען ער וואלט געוואוסט, אז לעסינג האלט פון ספינאזעס שיטה, און לעסינג האט דאס זייער גוט געפילט. דערויף ענטפערט מענדעלסזאן:

„איך האב געוואוסט, אז ספינאזעס פילאזאפיש סיסטעם, לאזט זיך אמבעסטען פאראייניגען מיט'ן יידענטום. נאכמער. ספינאזא אליין, נישט קוקענדיק אויף זיין פילאזאפישער שיטה, וואלט זייער גוט געקאנט זיין אנ'ארטאדאקסישער ייד—ווען ער וואלט נישט אין אנדערע, נישט-פילאזאפישע שריפטען זיינע (אין „טעאלאגיש-פאליטישען טראקטאט"), ארויסגעטראטען קעגען

יידענטום און זיך געשטעלט אויסער דעם יידענטום. אַלענפאַלס שטייט ספּינאָזעס פילאָזאָפיע נענטער צום יידענטום, ווי די אָר-טאָדאָקסישע לערע פון קריסטען. האָב איך געקאָנט ליב-האָבען לעסינגען, בעת ער איז געווען אַ שטרענגער אָנהענגער פון׳ם קריסטלעכען געלערטען אַנאַסטאַזיוס, פאַרוואָס וואָלט איך אים נישט געקאָנט נאָך מער ליב-האָבען, ווען ער וואָלט געשטאַנען נענטער צום יידענטום, און איך וואָלט געוווּסט, אַז ער איז אַן אָנהענגער פון׳ם יידען ברוך ספּינאָזא? דער נאָמען ייד און ספּינאָזאַ קאָנען מיך אויף קיין פאַל נישט אַזוי ערגערען, ווי דאָס ערגערט אפשר דעם ה׳ יאַקאָבי (דאָרט, זייט 504).

און מענדעלסזאָן שרייבט אַ גאַנצע אָפּהאַנדלונג: „צו לע-סינג׳ס פריינד" (דאָרט זייטען 501—525), ווו ער באַמיט זיך צו ראַטעווען לעסינג׳ס כבוד פון יאַקאָבי׳ס „רכילות". אָבער סוף-כל-סוף גלייבט ער דאָך אַליין אויך אין יאַקאָבי׳ס רייד. איר פילט דאָס אין יעדער שורה פון דער אָפּהאַנדלונג, איר מערקט דאָס אין דער אויפגערעגטקייט, מיט וועלכער דאָס ווערק ווערט געשריבען, וואָס מען טרעפט כמעט נישט אין קיינער פון מענ-דעלסזאָנ׳ס שריפטען. דאָס גאַנצע ווערק מאַכט דעם איינדרוק פון אַ הספד אויף אַ פריינד, פון וועלכען עס איז שווער זיך צו שיידען, אָבער דו ווייסט דאָך, אַז די שיידונג איז געקומען.

די לעצטע צוויי יאָר פון זיין לעבען האָט מענדעלסזאָן פאַרבראַכט אונטער׳ן שווערען איינדרוק פון יאַקאָבי׳ס ענדעקונג. דעם 4-טען יאַנואַר 1786 (ה׳ שבט, ה׳תקמ"ו) איז מענדעלסזאָן נאָך אַ קורצער קראַנקהייט געשטאָרבען.

---

אַ שריפטשטעלער, וואָס איז נאָענט געווען צו מענדעלס-זאָנען, דערציילט וועגען אים:

„מענדעלסזאָן איז געווען קליין געוואַקסען, געהאַט אַ הויקער און איז געווען זייער מאָגער. זיין פּנים—שוואַרץ, קרענק-לעך און באַוואָקסען. זיינע האָר—שוואַרץ און געקרייזעלט, אויף

זיינע ליפּען איז שטענדיק אַ שמייכעל געווען. די אויגען פייער-דיק און זיין קוק האָט דעם אַנדערען אַדורכגענומען. ענוות און גוטסקייט האָט זיין געזיכט אויסגעדריקט. דער הויכער גרוינצעל-טער שטערן האָט ווי עדות-געזאָגט, אַז ער פאַרשטעלט אַ העלען קאָפּ און אַ טיף-דענקענדיקען מח. פון תמיד אָן האָט מענדעלסזאָן ווייניק געגעסען, נאָך ווייניקער געטרונקען און לחלוטין אָפּגע-שייט געווען פון אַלע „הבליות" פונ'ם אַרומיקען לעבען.

ער האָט זייער ליב-געהאַט געזעלשאַפט און איז געווען זייער אַנ'איבערגעגעבענער פריינד. אָבער דאָס גרעסטע פאַרגע-ניגען האָט ער געהאַט אין זיין פילאָזאָפישער אַרבעט.

פיר-פינף אין דערפרי האָט מען אים שוין געטראָפען באַ זיין אַרבעטס-טיש. דאָ פלעגט ער פאַרברענגען ביז אַכט-ניין, פון ניין אין דער פרי, ביז פיר נאָכמיטאָג, איז ער געבליבען אויף זיין שטעלע אַלס פאַרוואַלטער פון בערנהאַרד'ס זיידען-פאַבריק.

און אין דער נאָכמיטאָג-צייט, פלעגט זיך אין זיין וווינונג צונויפזאַמלען אַנ'עולם מענטשען: תלמידים און באַקאַנטע, היי-מישע און פרעמדע. און בעת ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער שטענדיק געטראָפען אַ גאַנצע געזעלשאַפט, וואָס וואַרט אויף אים. די געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון פאַרשידענערליי מענטשען: טעאָלאָגען און ליטעראַטען, רעגירונגס-באַאַמטע און פילאָזאָפען, שוישפּילער און מחברים, רבנים און משכילים—און מיט יעדע-רען האָט ער גערעט פון יענעמס פאַך, ווי אַ קענער אין דער פראַ-גע, וואָס אינטערעסירט דעם צווייטען.

„אין זיינע געשפּרעכען, האָט ער קיינמאָל נישט גערעט פון אויבען אַראָפּ, און קיינמאָל נישט אַרויסגעגעבען זיין מיי-נונג פאַר געוויס. שטענדיק האָט ער אָנגעהייבען: „איך וואָלט געזאָגט", „איך מיין", „מען קאָן זאָגען" א. ד. גל. הגם אַלע האָבען זיך מיט זיין מיינונג, אין אַלע פאַרשידענע פראַ-גען, שטאַרק גערעכענט, אין יענער איז נייגעריק-געווען צו ווי-סען מענדעלסזאָנ'ס שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע, וואָס איז אינטערעסירט".

# III.

# מענדעלסזאָנ'ס נאָכפאָלגער.

מענדעלסזאָן האָט געוואָלט, אַז יִדען זאָלען זיַין געבִּילדעט, אויפגעקלערט, אָדער—ווִי מען פלעגט זִיך אַמאָל אויסדריִקען— „דִי פִּינצטערנִיש זאָל פאַרשווִינדען, און ס'זאָל זיַין לִיכטִיק אִין יִדִישע ווהִינונגען". אִיז ער געקִימען אִין אַריַינגעטראָגען אויפ- קלערונג, געבראַכט לִיכט אִין דִי יִדִישע וווינונגען, אִין געגלויבט, אַז פאַר'ן לִיכט וועט דִי פִּינצטערנִישט ממילא פאַרשווִינדען.

מענדעלסזאָנ'ס נאָכפאָלגער האָבען אויך פאַרלאַנגט, אַז עס זאָל זיַין לִיכטִיק בּאַ יִדען. אָבער, אָנשטאָט אַהִין, אִין דִי יִ- דִישע וווינונגען לִיכט צו טראָגען, האָבען זִי דִי ווי- נונגען אָנגעהויבען חרב-מאַכען, אוּן אַרויסשלעפען יִדען צוּם לִיכט פון דרויסען, האָבען אָנגעהויבען, אַזוי צו זאָגען, אַ קאַמף קעגען דער פִּינצטערנִיש.

מענדעלסזאָן אִיז געוועזען אַ ראַציאָנאַלִיסט, ד. ה. אַ מענטש, וועלכער גלייִבט, אַז אַלץ ווענט זִיך אָן שׂכל. אַז מענטשען זע- נען שלעכט און טוּען שלעכטס, נוּר ווייַל זִי פאַר- שטייִען נִישט, וואָס גוּט אִיז. זאָל מען אָבער דִי מענטשען אויפקלערען, געבען זִי צו פאַרשטייִן, וואָס פאַר זִי אִין פאַר דער גאַנצער מענטשהייַט אִיז גוּט—אוּן אַלע וועלען זִי גוּט ווערען און טוּן בלויז מעשים-טובים. אִין דעם גלויבען האָט גע- לעבט דאָס גאַנצע 18-טע יאָרהונדערט. ער האָט אָבער פאַרשטאַ-

נען, אַז צוואַנג אין רעפּרעסיווע מיטלען ענדערען נישט דעם מענטשען; אַז שטראָף און באַלוינונג שאַפען נישט קיין גוטע מיינונגען און נישט קיין פיינע מדות. אַז נור אויפקלערונג, איי-בערצייגונג און גוטע ביישפּילען ווירקען, בילסלעכווייס, אויפ׳ן מענטשען אין ענדערען אים צום בעסערען.

מענדעלסזאָנ׳ס נאָכפאָלגער זענען אויך געווען ראַציאָנאַ-ליסטען. זיי זענען, אָבער, נישט געווען אַזוי קאָנסעקווענט, ווי ער. דערפאַר האָבען זיי געגלייבט, אַז דורך צוואַנג אין שטרענ-גע געזעצען קאָן מען אויך איינפלאַנצען אין מענטשען גוטע געוווינהייטען; אַז מיט קאַמף און געוואַלט קאָן מען אויך ענדע-רען איבערצייגונגען.

מענדעלסזאָן האָט פאַרלאַנגט, אַז ייִדען זאָלען אַנערקענט ווערען פאַר בירגער, האָבען דיזעלבע רעכט, וואָס נ י ש ט -ייִדען האָבען. ער האָט, אָבער, געהאַלטען, אַז אָט די אַלע רעכט קו-מען זיי, אָהן שום באַדינגונגען; אַז ייִדען דאַרפען נישט פריער ווערט-זיין, דאַרפען נישט ערשט פ אַ ר ד י נ ע ן זייערע רעכט דורכדעם, וואָס זיי וועלען זיין געבילדעט. בילדונג איז אַ צוועק פאַר זיך. אָבער מענטשען-רעכט קומט זיי—ווייל זיי זענען מ ע נ ט ש ע ן , מעגען זיי איך האָבען זייערע באַזונדערע מנהגים, קליידונג, שפּראַך א. ד. גל., שוין נישט צו רעדען פון רעלי-גיע.

מענדעלסזאָנ׳ס נאָכפאָלגער האָבען אויך געשטרעבט צו גלייכבאַרעכטיגונג פאַר ייִדען. זיי האָבען, אָבער, אָנגענומען די מיינונג, אַז ייִדען, ווי זיי זענען איצט, קאָנען נישט האָ-בען קיין תביעות אויף גלייכע רעכט; גלייכע רעכט מיט אַלע-מען קאָנען זיי ערשט פאַרדינען דורכדעם, וואָס זיי וועלען אויך אַליין געגליכען-זיין צו אַלעמען—אין דער שפּראַך, מנהגים, קליידונג, באַשעפטיגונג און—ווי ווייט מעגלעך—אַפילו אין גלוי-בען.

מענדעלסזאָן האָט געפאָדערט טאָלעראַנץ, ד. ה. אַז מענ-

טשען זאָלען זיך פאַרהאַלטען געדולדיק צו די מיינונגען און איבערצייגונגען פון אַנדערע. און וואָס ער האָט געפאָדערט פון אַנדערע, האָט ער, קודם כל, אַליין מקיים־געווען. זענען אויך צווישען זיינע נאָענטע, געווען מענטשען מיט פאַרשידענע מיינונגען און ער האָט זיך צו אַלעמען גלייך גוט פאַרהאַלטען: צום אָרטאָדאָקס שלמה דובנאָ, ווי צום לייכטזיניקען איכעל, צום פרומען וויזעל, ווי צום מופקר האַמבערג.

מענדעלסזאָנ׳ס נאָכפאָלגער האָבען אויך נישט אויפגעהערט צו רעדען פון טאָלעראַנץ, אָבער דאָס, וואָס זיי האָבען פאַרלאַנגט פון אַנדערע בנוגע צו זיך, האָבען זיי, בײַ זיך, נישט פאַרמאָגט בנוגע צו אַנדערע. מיט שטורעם, צוואַנג און גוואַלט—מיט דער הילף פון דער אויסערער מאַכט—זענען זיי געקומען צו קעמפען קעגען מיינונגען פון אַנדערע און איבערצייגונגען פון אַנדערע.

און אויב עס האָט געהייסען: מענדעלסזאָנ׳ס נאָכפאָלגער האָבען פון זיין האַנט איבערגענומען די פאָן פון אויפקלערונג, און זיי ווייטער געטראָגען—איז עס אַ היסטאָרישע פעלשונג. אונטער דעם, וואָס איז געווען אָנגעשריבען אויף דעם פאָן, וואָס זיינע נאָכפאָלגער האָבען געטראָגען, וואָלט זיך מענדעלסזאָן קיינמאָל נישט געוועזען אונטערגעשריבען.

דאָס האָט ער אויך בפירוש אַרויסגעזאָגט.

וואָרום נאָך בײַ מענדעלסזאָנ׳ס לעבען, האָבען זיינע שפעטערדיקע נאָכפאָלגער אָנגעהייבען זייער אַרבעט. אין יאָר 1781, פינף יאָר פאַר מענדעלסזאָנ׳ס טויט, האָט דער קייזער פון עסטרייך, יוסף דער צווייטער, אַרויסגעגעבען זיין באַוווסטען „טאָלעראַנץ-עדיקט״. לויט דעם עדיקט, האָבען יידען באַקומען דאָס רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט ערד-אַרבעט, אָנקומען אין די אַלגעמיינע בילדונגס-אַנשטאַלטען, און זענען אויך מחויב-געווען צו שאַפען שולען מיט אַלגעמיינער בילדונג ספּעציעל פאַר יידען, כדי אַז די שולען זאָלען פאַרבייטען די חדרים און ישיבות. דער דאָזיקער עדיקט האָט אויך רעגולירט די יידישע רעליגיעזע אָנ־

געלעגענהייטען, און דערהויפּט פעסטגעשטעלט די אָפּצאָלונגען, וואָס יידען האָבען צו צאָלען דער רעגירונג פאַר דערפּילען זייערע רעליגיעזע מנהגים (אָפּצאָל פון ליכט-בענטשען, פון מנינים א.ד.ג.) פאַר די עסטרייכישע יידען, וועלכע האָבען נאָך דעמאָלט געלעבט אין מיטעלאַלטערלעכע באַדינגונגען, האָט דער עדיקט געבראַכט אַ געוויסע פאַרגרינגערונג. האָט אָבער יוסף דער צווייטער אויסגעשפּרייט זיין „חסד" אויך אויף די יידען אין גאַליציען, וואָס איז אין יאָר 1772 איבערגעגאַנגען פון פוילען צו עסטרייך. אין פוילען, ווי ס'איז באַוווסט, האָבען יידען געהאַט ברייטע אויטאָנאָמיע און כמעט פאָלשטענדיקע גלייכבאַרעכטיגונג. דאָרט האָט מען נישט געקוקט אויף זיי, ווי אויף פּרעמדע, נור ווי אויף אַ טייל פון פוילישען פאָלק, און פוילישע מלכים, בעת זיי האָבען געשוווירען טריי צו זיין דער קאָנסטיטוציע, האָבען בפירוש געשוווירען אויך דערויף, אַז זיי וועלען שיצען די יידישע רעכט. דער „חסד" פון יוסף דעם צווייטען, האָט זייער רעכטלעכע לאַגע פאַרערגערט און זייערע פרייהייטען כמעט אינגאַנצען בטל-געמאַכט—דערהויפּט אין רעליגיאָנס-אַנגעלעגענהייטען. אַ טיפע באַליידיגונג האָט פאַר די גאַליציאַנישע יידען געשטעקט אין די עצם רעכט, מיט וועלכע די עסטרייכישע יידען האָבען זיך אַזוי געפרייט. פון איצט-אָן האָט דער ייד געדאַרפט דינען אין מיליטער, גלייך מיט אַלע בירגער, אָבער קיין אָפיציר האָט ער נישט געטאָרט זיין. יידען איז דערלויבט-געוועזען צו לערנען אין די עפענטלעכע שולען, אָבער די יידישע קינדער האָבען געמוזט זיצען אויף באַזונדערע בענק, „אין קיין שום פאַרבינדונג מיט די קריסטלעכע קינדער האָבען זיי נישט געטאָרט קומען, און מען האָט שטרענג השגחה-געגעבען אויף דער וויר-קונג, וואָס די יידישע קינדער האָבען אויף זייערע קריסטלעכע חברים. דער ייד האָט אויך אין אוניווערזיטעט געמעגט לערנען, אָבער קיין שום רעגירונגס-אַמט האָט ער נישט געטאָרט פאַר-נעמען. דערצו איז יידען אין גאַליציען פאַרבאָטען געוועזען צו

קיפּען, אָדער צו נעמען ערד אין אַרענדע — מיט וואָס יידען האָבען זיך אין פּוילען פאַרנומען זייט הונדערטער יאָרען. און אָט די זעלביקע רעגירונג האָט עס זיך כּסדר באַרימט מיט איר פאָרטשריטלעכקייט און בילדונגס־פריינדשאַפט. און יעדעס מאָל, ווען זי האָט זיך אַריינגעמישט אין יידישען גאָמעס־דינסט, אָדער אין דערהציונגס־אָנגעלעגענהייטען, האָט זי, אַלס לוין, אָנגעגעבען די האָפנונג און אויסגעדריקט איר גרייטקייט „צו פאַרבעסערען און פאַרברייטערען דעם רעכטס־צושטאַנד פון יידען" (זע מ. ווייסענבערג: „די נייע העברעישע אויפקלערונגס־ליטעראַטור אין גאַליציען (דייטש), לייפּציג און ווין 1898, זייטען 7—10). קיין וואונדער נישט, אַז דאָס פאָלק בכלל און די אָרטאָדאָקסיע און די רבנים בפרט, זענען געווען אומצופרידען מיט דעם עדיקט, און נישט געוואָלט אָנערקענען די נייע אָרדנונגען פון יוסף דעם צווייטען. נאָכמער, יידען בכלל האָבען נישט געגלייבט אין זיין אויפריכטיקייט און אים חושד־געווען אין הינטער־געדאַנקען.

מענדעלסזאָן האָט אויך נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די אַלע רעפאָרמען און צום גוטען ווילען פון יוסף דעם צווייטען. ער האָט אין עסטרייכישען קעניג געזען דעם דעספּאָט, וועלכער וויל מיט צוואַנג און גוואַלט גערמאַניזירען אַלע עסטרייכישע פעלקער און זיי אויפצווינגען די דייטשישע קולטור. אַחוץ דעם זעט מענדעלסזאָן אין יוסף'ס גוטער מינע, אַ מיטעל, ווי אַזוי פון יידען וואָס מער געלד אויסצוזייגען. און צו האָמבערג'ן שרייבט מענדעלסזאָן: „וואָס קומט אונדז אַרויס פון די שולען, אויב די יידען בלייבען באַגרענעצט אין זייערע האַנדעלס־רעכט, אינדוסטריע־רעכט און מען לאָזט זיי נישט צו צו קיין רעגירונגס־שטעלעס? אין וואָס באַשטייט דען די טאָלעראַנץ פון קייזער, אויב לויט זיין געזעץ איז אַ יידישע פרוי מחויב צו בלייבען לעבען מיט איר מאַן אפילו נאָכדעם, ווי ער האָט זיך גע־שמד'ט און אָפּגע'שמד'ט די קינדער — הגם בעת דער שדוך איז געשלאָסען־געוואָרען, האָט מען נאַטירלעך, גערעכענט, אַז זיי

וואָלען לעבען אַלס ייִדען, אין דער ייִדישער רעליגיע".

און מיט דרײַ יאָר שפּעטער (דעם 1-טען מערץ 1784) שרײַבט מענדעלסזאָן צו האָמבערג'ן: „צו דער טאָלעראַנץ, פון וועלכער די צײַטונגס-בלעטער רעדען איצט אַזוי פיל, האָב איך נישט דעם צוטרוי און נישט דעם גלויבען, וואָס איר האָט. כל-זמן דאָס סיסטעם פון פאַרייניגען (אַלע עסטרײַכישע פּעלקער) לויערט הינטער דעם אַלעם, שײַנט מיט די גאַנצע טאָלעראַנץ-חנופה אַ סך געפערלעכער צו זײַן פאַר אונדז, ווי אָפענע פאַר-פאָלגונג. מאָנטעסקיע האָט שוין אין זײַנע „פּערסישע בריף" אויס-געדריקט דעם שטאַנדפּונקט פון דער צביעות, אַז וויל מען ווע-מען אָפּ'שמד'ן, דאַרף מען זיך דערבײַ נישט באַנוצען מיט אכזריות און פאַרפאָלגונג, נור מיט גוטמוטיקייט און טאָלעראַנץ... מיר שײַנט, אַז אָט דער שטאַנדפּונקט הייבט עס איצט אָן צו הערשען, אָבער נישט די קלוגשאַפט און נישט די ווירקלעכע מענטשען-ליבע... אין דעם פאַל איז עס נאָך נייטיקער, אַז דאָס קליינע הײַפעל מענטשען, וואָס איז נישט אויסען קיינעם אָפּצו-שמד'ן און וויל זיך אויך נישט לאָזען שמד'ן, זאָל זיך פעסט צונויפשליסען. דורך וואָס? דאָ קום איך ווידער צו די רעלי-גיעזע מצות א. אַז. וו. (מאָזעס מענדעלסזאָן, זעמטליכע ווער-קע, וויען 1838, זײַט 941).

אָבער נישט אַזוי האָבען געקוקט דערויף מענדעלסזאָנ'ס פרײַנד און נאָכפאָלגער. קיים האָבען זיי דערהערט, אַז אין עסטרײַך זענען צווישען ייִדען פאַראַן „פאַרשטאָפּטע קעפּ", וועל-כע זענען אומצופרידען מיט די נײַע רעפאָרמען, האָבען זיי עס געהאַלטען פאַר זייער חוב, אויפצעקלערען די דאָרטיקע ייִדען און זיי באַווײַזען, אַז בילדונג און קענטעניִשען זענען פונקט אַזוי וויכטיק פאַר'ן ייִדען, ווי ייִדישקייט, און אפשר נאָך וויכטיקער.

דער ערשטער, וואָס איז אַרויסגעטרעטען צו קעמפען קעי-נען די האַרטנעקיגע, עסטרײַכישע ייִדען, איז געווען מענדעלס-

זאָנ׳ם אַ נאָענטער פרײַנד און מיטאַרבעטער נ פ ת ל י ה ע ר ץ
ווײַ ז ע ל.

געשטאַמט האָט נפתלי-הערץ ווײַזעל פון ב אַ ר, פּאָדאָליער גובערניע. זײַן זיידע, משה ווײַזעל, איז בשעת דער „גזירת ת״ח״ איינער אַליין איבערגעבליבען פון דער גאַנצער פאַמיליע זײַנער, וואָס די קאָזאַקען האָבען אויסגע׳הרג׳עט, און איז אַנטלאָפען קיין אַמסטערדאַם. ער, און שפּעטער אויך זײַן זון, ישׂכר-בער (נפתלי-הערצ׳ס פאָטער), ווערען רײַך, פירען גרויסע געשעפטען און זענען זייער אָנגעזען אין דענעמאַרקישען הויף. שפּעטער פאָרט ישׂכר-בער אַריבער קיין קאָפּענהאַגען, ווו עס האָט זיך שוין דעמאָלט געפינען אַ פּאָרטוגעזיש-יידישע געמיינדע און אויך עטלעכע דײַטשיש-יידישע פאַמיליעס. דאָרט איז אין יאָר 1725 געבוירען געוואָרען נפתלי־הערץ. אַלס קינד באַקומט ער אַ געוויינלעכע יידישע דערציהונג: מעכאַנישע עברי, חומש מיט רש״י און צו 9 יאָר איז ער שוין אַ גמרא־למדן. שפּעטער לערנט מען מיט אים דקדוק און נפתלי-הערץ פאַרטיפט זיך אין פשט און אין דער פּאָעזיע פון תנ״ך, באַקומט ליב העברעיש און דערלערנט גרינדלעך די שפּראַך. צוליב דעם פאָטערס געשעפטען לערנט ער אויך אַנדערע שפּראַכען, באַקענט זיך מיט אַנדערע ליטעראַטורען און לערנט אויך געשיכטע, געאָגראַפיע א. ד. גל. כל ימיו בלײַבט ער אַנ׳ערלעכער, אויפריכטיקער מענטש און אַ רעליגיעזער ייד. ער איז געווען אַ מענטש מיט גוטע פעיקייטען, אָבער לחלוטין נישט קיין דענקער. ער פלעגט גיך נתפעל-ווערען פון אַ זאַך, אָבער קיינמאָל נישט טיף אַרײַנדרינגען אין איר. ער האָט ליב-געהאַט פּאָעזיע, ער האָט זיך דערוואָרבען אירע אויסערע פאָרמען, געשריבען גאַנצע ביכער מיט שירים („שירי תפארת״ און אַנדערע), ווו עס איז נישט צו געפינען קיין סימן פון אמת׳ער פּאָעזיע. זײַנע שטרעבונגען אין פאַרלאַנגען זענען שטענדיק געווען גרעסער, ווי זײַנע גײַסטיקע פעיקייטען, די דאָזיקע שטרעבונגען צו דערגרייכען.

אין זיינע געשעפטען האָט ער קיין הצלחה נישט געהאַט. קומט ער פון קאָפּענהאַגען קיין בערלין, און ווערט אַ קאַרוואַל-טער אין דער זיידען-פאַבריק, וואָס זיינער אַ ברודער האָט גע-האַט בשותפות מיט איינעם יצחק ריס. און אַז די פאַבריק האָט באַנקראָטירט, איז ריס אַריינגעפאַלען אין טורמע און וויזעל זיין שותף, איז פון האַרץ-ווייטיק גייסטיק קראַנק-געוואָרען—באַ-קענט זיך נפתלי-הערץ וויזעל מיט מענדעלסזאָנען (1774). שפּע-טער לאָזט אים מענדעלסזאָן שרייבען דעם „באור" צום ספר ויקרא פון דעם חומש, וואָס ער, מענדעלסזאָן, האָט איבערגע-זעצט. וויזעל ווערט אַ נאָענטער פריינד מענדעלסזאָנ'ס. עס דוכט זיך, אַז ער איז מיט אים איינינ אין אַלע ברענענדיקע טאָג-פראַגען, ווי רעליגיעזע טאָלעראַנץ, אויפקלערונג א. ד. גל. נור אַז עס איז דערשינען דער דערמאָנטער טאָלעראַנץ-עדיקט פון יוסף דעם צווייטען, איז וויזעל אַרויס פון די כלים, אַריין אין התפעלות און אָנגעשריבען אַ לאַנגען שיר „לכבוד דעם גרויסען, גנעדיגען קייזער, וואָס האָט געבראַכט ליכט און פרייהייט פאַר יידען".

און דערהערענדיק דאָס „אומדערהערטע", אַז אין ווין גע-פינען זיך פרומע יידען, וועלכע קוקען אויפ'ן קייזערס עדיקט, ווי אויף אַ גזרה, שרייבט ער אָן אַ בראָשור: „דברי שלום ואמת" (1782), ווו ער טרעט-אַרויס, ווי אַ פאַרמיטלער צווישען די עסטרייכישע יידען און זייער „גנעדיגען קייזער". אין דער בראָשור באַווייזט ער זיי, אַז נישט מצער-זיין, נור פריי̇ען דאַרפען זיי זיך מיט'ן קייזערלעכען מאַניפעסט—ווייל ער טוט חסד מיט זיי; אַז אַלגעמיינע בילדונג איז אַ רעליגיעזער חוב אויף יידען, אפילו לויט דעם תלמוד; אַז אַלגעמיינע למודים דאַרף מען זיך דערווערבען פריער, ווי יידיש-רעליגיעזע—ווייל דורך דעם וועלען יידען אָפּווישען פון זיך די חרפה, וואָס ליגט אויף זיי צוליב דעם, וואָס זיי זענען אומוויסענדיק אין וועלטלעכער בילדונג. ער רעט דאָרט אויך פיל וועגען דער נויטהווענדיקייט,

אַז ייִדען זאָלען אויפהערען צו רעדען דעם דײַטשישען און בפרט דעם פּוילישען זשאַרגאָן און אָנהייבען צו רעדען און צו שרײַבען ריין-דײַטש. דערצו לייגט ער פאָר אַ גאַנץ לער-פּראָגראַם פאַר ייִדישע שולען, אָנהייבענדיק פון עלעמענטאַרישע למודים און ענדיגענדיק מיט'ן תלמוד. אָבער, אַרײַנקומענדיק אין התפעלות, פאָדערט ער, אַז אַלע ייִדישע יונגעלײַט זאָלען שטודירען פיזיק, אַסטראָנאָמיע און רעליגיאָנס-פילאָזאָפיע—ווײַל „נור קענענדיק אָט די אַלע וויסענשאַפטען, קאָן אַ ייִד ריכטיק פאַרשטיין דעם תנ"ך און דאָס ייִדענטום..." אָבער „אַ תלמיד חכם, וואָס האָט נישט קיין וועלטלעכע הכמות, איז געגליכען צו אַ נבלה" (אַ זאַץ אין תלמוד, נור ווײַזעל האָט צו אים צוגעגעבען זײַן פרוש).

אָט די בראָשור, ווי אָרעם אין אינהאַלט זי זעט אונדז איצט אויס, איז דאָך געווען דער ערשטער סיגנאַל צום קאַמף פאַר השכלה, אָדער אויפקלערונג צווישען ייִדען.

און נאָך איינער פון מענדעלסזאָנ'ס מקורבים איז שטאַרק נתפעל-געוואָרען פון יוסף דעם צווייטענס „טאָלעראַנץ-עדיקט", זיך אַרײַנגעוואָרפען אין קאַמף פאַר דער אויפקלערונג און געזוכט פּראַקטיש בײַהילפיק צו זײַן באַם אַדורכפירען די רעפאָרמען. דאָס איז געווען **הערץ האָמבערג**.

האָמבערג איז געבוירען-געוואָרען אין יאָר 1749 אין דאָרף לעווען, בײַ פּראָג, אין בעמען. אַז ער איז אַלט געווען זיבען יאָר, האָבען זיך זײַנע עלטערען באַזעצט אין פּראָג און דערצויגען זייער זון, הערץ, אין אַ חדר, ווי אַלע ייִדישע קינדער. פון פּראָג פאָרט ער שפּעטער לערנען אין פּרעסבורגער ישיבה, און פון דאָרט, אין דער ישיבה אין גרויס־גלאָגוי. ביז'ן 18-טען יאָר לערנט ער בלויז גמרא און פוסקים. ערשט פון 18-טען יאָר אָן ווענט ער זיך אויך צו וועלטלעכע למודים. כדי זיך צו פאַרפאָלקאָמען אין וויסענשאַפטען, פאָרט ער פון גלאָגוי קיין ברעסלוי, פון ברעסלוי קיין בערלין און פון בערלין קיין האַמבורג. דאָ פאַרנעמט ער זיך דערהויפּט מיט פּעדאַגאָגיק, און

מיט גרויס נרעאָלג. אין יאָר 1778 אָדער 1779 נעמט זיך מענ־דעלסזאָן פאַר אַ לערער צו זיין עלטערען זון יוסף, מיט וועלכען האַמבערג לערנט אי יידיש, אי אַלגעמיינע למודים. בכלל איז האַמבערג געווען אַ קולטור־מענטש, מיט אייראָפעישע מאַניערען און מיט פיל וויסען. ער איז, אָבער, געווען אַ „פריי־גייסט", ווי ס'האָט דעמאָלט געהייסען, און זיך דערלויבט צו טון בפרהסיה זאַכען, וואָס זענען יידען, לויט'ן דין, פאַרבאָטען. דערצו אַנ'אַפּיקורס, וועלכער האָט געלייקענט אָן פיל זאַכען, וואָס נישט בלויז דע־מאָלט, נור אויך איצט גלייבען יידען אין זיי. דריי יאָר איז ער געבליבען אין מענדעלסזאָנ'ס הויז און געוואָרען באַליבט באַ דער גאַנצער פאַמיליע. אַז מענדעלסזאָנ'ס קינדער זענען שוין געווען אויף דער עלטער, פלעגען זיי אַלץ נאָך דערמאָנען האַמ־בערג'ן מיט ליבע און אַכטונג. אַז ער איז אַוועקגעפאָרען פון בערלין, האָט מענדעלסזאָן אים געשענקט זיין בילד מיט אַ פריינדלעכער אויפשריפט. כמעט ביז אין טויט אַריין, האָט נאָכ־דעם מענדעלסזאָן מיט אים קאָרעספאָנדירט וועגען אַלגעמיינע און אינטימע פאַמיליען־אָנגעלעגענהייטען*).

---

*) מענדעלסזאָנען האָט מען אָפט פאָרגעוואָרפען זיין טאָלעראַנץ און אינטימע פריינדשאַפט צו האַמבערגען. מען האָט געפרעגט: אויב ער, מענדעלס־זאָן, האָט מיט אַנ'אמת אַזוי שטאַרק געהאַלטען פון אַלע רעליגיעזע מצוות, ווי ער האָט געשריבען און געלערנט,—ווי אַזוי האָט ער געקאָנט בלייבען גלייכגיל־טיק צו האַמבערג'ס אַפּיקורסות און עפענטלעכער הפקרות, און דערצו נאָך האָבען אים פאַר אַ הויז־פריינד? איז אָבער קלאָר, אַז מענדעלסזאָנען קאָן מען אַזאַ פאָרוואורף נישט מאַכען. וואָרום אויב ער האָט כל ימיו פון אַנדערע געפאָ־דערט טאָלעראַנץ צו מיינונגען און רעליגיעזע איבערצייגונגען, וואָס שטימען נישט מיט זייערע האָט ער אַליין, קודם־כל, געדאַרפט דינען אַלס בייספיל פון אַזאַ טאָלעראַנץ. פאָרוואַרפען מענדעלסזאָנען זיין טאָלעראַנטע באַציהונג צו ווע־מען עס איז, הייסט אים מאַכען אַ פאָרוואורף, פאַרוואָס ער איז ער און נישט קיין אַנדערער.

ש. ר.

באַלט נאָכדעם, ווי דער עסטרײַכישער קײזער יוסף דער צווײטער האָט פאַרעפענטלעכט זײַן טאָלעראַנץ-עדיקט, אײַלט זיך האָמבערג אומצוקערען אַהײם. דאָרט קען ער די פאַרהעלטעניזשען און האָפט טעטיק אין נוצלעך צו זײַן, באַם אויספירען דעם קײזערס גוטען ווילען. אין יאָר 1782 טרעפען מיר אים אין ווין. ער עקזאַמינירט זיך באַ דעם פילאָזאָפישען פאַקולטעט, און די פראָפעסאָרען אָנערקענען אים פאַר פעיִק, צו זײַן „פראָפעסאָר" אָדער דירעקטאָר פון אַ מיטעל-שול. דאָס פאָדערט דעם הסכם פון קײזער. דער טאָלעראַנטער קײזער געפינט עס, אָבער, פאַר אוממעגלעך צו באַשטעטיגען אַ יידען פאַר דירעקטאָר פון אַן אַלגעמײנער שול... האָמבערג ווערט אַביסעל געפאַלען באַ זיך, און מענדעלסזאָן טרײסט אים: „ס'איז בעסער, וואָס די פראָפעסאָרען האָבען אים אָנערקענט פאַר פעיִק און דער קײזער האָט מיט זײ נישט אײַנגעשטימט, אײדער אַז דער קײזער זאָל אים האָבען באַשטימט אויף דער שטעלע, און די פראָפעסאָרען זאָלען מיט'ן קײזער נישט אײַנשטימען".

אין יאָר 1784 ווערט האָמבערג באַשטימט פאַר הויפט-אינספעקטאָר פון אַלע רעגירונגס-שולען פאַר די יידען אין גאַליציען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ אינספעקטאָר, וועלכער האָט, אין בעסטען פאַל, שטאַרק נישט געהאַלטען פון יידענטום, האָט באַ די יידען אַרויסגערופען נאָך אַ שטאַרקערע געגנערשאַפט צו די שולען.

און דער אָפענער קאַמף האָט אויסגעבראָכען.

---

ווײַזעל און האָמבערג—ווי פאַרשידען די צווײ מענשען זענען געווען פון אײנאַנדער, סײַ אין כאַראַקטער, סײַ אין בילדונג און סײַ אין זײער פאַרהאַלטען זיך צום יידענטום, זענען זײ דאָך בײדע, די ערשטע צײַט על כל פנים, געווען די צווײ פערזאָנען, אַרום וועלכע דער גאַנצער קאַמף פאַר און געגען דער השכלה, אָדער אויפקלערונג, איז געפירט געוואָרען.

יעדען איינעם פון זיי האט מען געהאלטען פאר פאראנטוואָרט-לעך דערפאר, וואס דער אנדערער האט געטון. האמבערג איז געשטאנען אין טאג-טעגלעכען, דירעקטען קאמף מיט די רבנים און פארשטייער פון די יידישע קהלות אין גאליציען. ווייזעל איז געשטאנען אין א אינדירעקטען קאמף מיט די געגנער פון השכלה, דערפאר איז, אבער, זיין קאמפס-קרייז, דורכ'ן געדריקטען וואָרט, א פיל-ברייטערער געווען, ווי דער קרייז האמבערג'ס. כמעט פון טאג-צו-טאג זענען אלץ מער געוואקסען און געדיכטער גע-וואָרען די רייען פון די געגנער, עס איז, אבער, אויך געוואק-סען די צאָל אנהענגער פון דער השכלה. דער מערב איז גע-ווען פאר, דער מזרח—געגען. די איטאליענישע רבנים פון טריעסט, ווענעציע און אנדערע שטעט, זענען ארויסגעטראָטען צו פארטיידיגען די אלגעמיינע בילדונג, די רבנים פון בעמען און פוילען, גאליציען און רוסלאנד, זענען ארויסגעטראָטען קעי-גען איר. די קרעפטען זענען געווען נישט קיין גלייכע. ווארום בעת די ערשטע, די פארטיידיגער, האבען זיך געשטיצט אויף א קליינער צאָל יידען, וואס זענען געשטאנען אונטער זייער פי-רונג, און די פירער גופא זענען נישט גענוג באקאנט געווען אין דער יידישער וועלט, האבען זיך די לעצטע, די געגנער, געשטיצט אויף גרויסע יידישע לומדים־מאסען, וועלכע זענען זיי נאכגעגאנגען. און די פירער זענען געווען אזוינע אויטאָריטעטע און בארימטע גאונים, ווי רבי יחזקאל לאנדוי פון פראג, רבי רפאל האמבורגער און אנדערע זייער גלייכען. קעגען האמבערג'ן האט געמוזט געפירט ווערען א שטילער קאמף—ווייל די רעגי-רונג האט אים געשטיצט. און דאך האבען עס זיינע געגנער גע-בראכט אזוי ווייט, אז אין צווי יאָר ארום (1784) האט די עסטרייכישע רעגירונג בטל-געמאכט דעם אמט פון שול-אינספעק-טאר, און האמבערג איז געוואָרען אויס רעגירונגס-באאמטער. דערפאר אבער קעגען ווייזלען, איז דער קאמף געפירט געוואָ-רען ברמה, אין דער ברייטער עפענטלעכקייט. קעגען אים זענען

זיִנגעווענט געוואָרען אַלע מיִטלען, מיִט וועלכע די אָרטאָדאָקסען האָבען זיך דעמאָלט געקאָנט באַנוצען: אין איינִיגע ערטער האָט מען זיין בראָשור עפענטליך פאַרברענט, אין אַנדערע ערטער — מחרים-געווען. ווייזלען אַליין האָט דער בערליִנער רב, ר׳ הירשעל לעווין, געוואָלט אַריינלייגען אין חרם, און זיינע ספרים פאַרבאָטען צו לייענען.

בערליִן איז אָבער ניִשט געווען דאָס פּאַסיקע אָרט, וווּ מען זאָל קאָנען רודף־זיין פאַר אַרויסגעזאָגטע מיינונגען. די ראשי-הקהל, צוויִשען וועלכע עס זענען געווען אויך מענדעלסזאָנ׳ס נאָענטע פריינד: דוד פריִדלענדער און פריִדלענדער׳ס שווער איִטציִג, האָבען מתרה־געווען דעם רב, ער זאָל זיך ניִשט אַריינלאָזען אין דעם קאַמף מיִט אַזוינע מיִטלען. דער רב האָט זיך דערשראָקען און אָפּגעטראָטען, מענדעלסזאָן, וועלכער האָט זיך אין דעם קאַמף עפענטליך ניִשט אַריינגעמיִשט, האָט דאָן ניִשט געקאָנט רויִג צוזען, ווי אַ וועלט איז אויפגעשטאַנען קעגען דעם שוואַכען ווייזלען. וואָס איז דאָך, בטבע, כלל ניִשט געווען קיין קאַמפּס-מענטש. דערצו איז מענדעלסזאָנען דער עצם השכלה דאָך נאָענט און טייער געווען. און ער שיִקט זאָגען דעם רב, אַז ער קאָן ענטפּערען יענע, וועלכע העצען איִם אויף קעגען ווייזלען, אַז אין דייטשלאַנד עקזיִסטיִרט וואָרט-פרייהייט. יע-דערער קאָן, אַלדזאָ, קומען און עפענטליך דרוקען תשובות אויף ווייזעלס רייד און אויפווייזען זיינע טעות׳ן. אָבער אָנעמען רע-פּרעסיִווע מיִטלען קעגען אַרויסגעזאָגטע מיינונגען—דאָס קאָן ניִשט דערלאָזט ווערען.

די אָרטאָדאָקסיִשע וועלט האָט, אָבער, זייער גוט געקאָנט אויסקומען אָהן דער שטיצע פונ׳ם בערליִנער רב. דער טומעל אין די אויפרעגונג קעגען ווייזלען הערט אַלץ נאָך ניִשט אויף. די זאַך קומט אָן ביִז צו די רעגיִרונגס-קרייזען, דער בילדונגס-מיניִסטער ווענט זיך צוויי מאָל צום בערליִנער ראש־הקהל, דניאל איִטציִג, מיִט דער אָפיִציִעלער אָנפראַגע: וואָס האָט מען

איינגענטלעך. צו ווייזלען און פארוואס רודפ'ט מען אים? דאס ווערק „דברי שלום ואמת" דארף דאך נור ארויסרופען אכטונג צום פארפאסער (זע „דוד תהפוכות" פון דר. ש. בערנפעלד, מחרבת ראשונה, ווארשע תרנ"ז, זייט 107). וויזעל אליין באקומט אויך מורא פאר דער גרויסער געגנערשאפט, וואס ער האט ארויסגערופען קעגען זיך, און נאך אינ'ם זעלבען יאר, פארעפענטלעכט ער א צווייטע בראשור, מיט'ן זעלבען נאמען, וואס די ערשטע, ווו ער פרוווט זיך צו פארענטפערען פאר די רבנים. ער באמיט זיך אויסצוטייטשען זיינע ווערטער אין דער ערשטער בראשור, אז ער איז נישט אויסען געווען צו באליידיגען די תלמידי-חכמים; אז ער האט נישט פארגעלייגט, מען זאל פריער לערנען אלגעמיינע למודים אין ערשט דערנאך תלמוד א. אז. וו. די פארענטפערונג האט, אבער, אויך קיינעם נישט בארואיגט — וויל עס איז געווען צו-בולט, אז אין דער צווייטער בראשור איז וויזעל נישט אויפריכטיק. פון בערלין אויס ווענדעט מען זיך קיין איטאליען מיט בקשות, צו ארגאניזירען דארט די פארטיידיגונג וויזעלס אין גרויסען מאסשטאב, און די איטאליענישע רבנים הערען צו די דאזיקע בקשה. אין א בריף פון 27-טען יאנואר 1783 שרייבט מענדעלסזאן צו האמבערג'ן:

„מיין פריינד וויזעל האט באקומען א מערקווירדיק גוט-אכטען פון די חכמי-ווענעציע אויף זיינע צוויי ארויסגעגעבענע בראשורען. אויב ער וועט באקומען די איבעריקע גוט-אכטען פון איטאליען — ווי מען האט דאס אים צוגעזאגט, וועט ער ארויסגעבען נאך א דריטע שריפט, וואס וועט זיין אזוי גרויס, ווי די ערשטע צוויי אינאיינעם גענומען. וואס וועט ער, אבער, דערמיט אויספירען בא די מענטשען, וואס זענען קנעכט פון זייער פארורטייל? ווערטער פארבעסערען נישט קיין קנעכט".

איינגיכען זענען די צוגעזאגטע „גוט-אכטען" געקומען, און וויזעל שרייבט זיין דריטע בראשור: „עין משפט", ווו ער ברענגט די מיינונגען פון די איטאליענישע רבנים, וואס זענען

אַרויסגעטראָטען אים צו פאַרטיידיגען. די בראָשור איז דערשינען אין יאָר 1784, און ווייזעל באַקלאָגט זיך נאָך אַלץ אויף די רדיפות, וואָס ער האָט אויסצושטיין. אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מער און מער טרעט ווייזעל אַרויס פון דעם שטרייט. דער שטרייט ווערט באַלט געפירט נישט קעגען דער אָדער יענער פערזאָן, קעגען דעם אָדער יענעם משכיל בפרט, נור קעגען דער השכלה און די משכילים בכלל. ווייזעל—ווי געזאָגט—האָט זיך דערשראָקען פאַר די פאַרפאָלגער און האָט ווי אַוועקגעלייגט דאָס געווער פון האַנט. האָמבערג האָט זיך, אָבער, נישט געוואָלט אונטערגעבען. צוליב דעם קאַמף איז בטל געוואָרען זיין אַמט, ער ווערט אויס „טשינאָווניק" און האָט נישט מער קיין די־רעקטע שייכות צו דער יידישער שול. ער לייגט אָבער נישט אַוועק דאָס געווער. ער ווערט אַ יידישער צענזאָר, ער שרייבט לער-ביכער פאַר די יידישע שולען, און די רעגירונג רעקאָ-מענדירט לויט זיי צו לערנען אין די יידישע שולען... ער פאַרפאַסט אַ מין קאַטעכיזיס פון דער יידישער רעליגיע, און די רעגירונג מאַכט עס פאַר אַ חוב אויף יידישע יונגעלייט, וואָס גייען חתונה-האָבען, זיי זאָלען זיך פאַר דער חופה עקזאַמינירען לויט דעם קאַטעכיזיס, אויב איינער פונ'ם פאָר האָט דעם עקזאַ-מען נישט אויסגעהאַלטען—איז די חתונה פאַרווערט געוועז... יי־דען האָבען זיך, נאַטירלעך, אַנ'עצה-געגעבען. דער גאַנצער עקזאַ-מען האָט נור געגאָלטען ווי אַ מיטעל אין די הענט פון די רעגירונגס־באַאַמטע, צו באַקומען אַ מין רח"ש פון יעדער יידי-שער חתונה, אָבער האָמבערג'ס נאָמען האָט דערפון שטאַרק גע-ליטען. ער איז פאַרהאַסט געוואָרען באַ דער יידישער באַפעל-קערונג, און דער נאָמען „האָמבערג" האָט געגאָלטען ווי אַ שרעק-קענס-נאָמען אין מויל פון פרומע יידישע מוטערס. האָמבערג פילט זיך אַנ'אַרויסגעשטויסענער פון דער יידישער געזעלשאַפט, הערט זיך לחלוטין אויף צו רעכענען מיט דעם, וואָס מענטשען וועלען זאָגען, און זוכט זיך נוקם-צו-זיין אָן יידען דערפאַר, וואָס

זײַן אַרבעט פאַר דער אויפקלערונג: האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט. ער טוט דאָס ערגסטע: ער מאַכט דער עסטרייכישער רעגירונג אַ פאָרשלאָג, ווי צו פאַרבעסערען יידען. אין דעם פאָרשלאָג שרייבט ער: „בײַ יידען איז אייגעוואָרצעלט נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע גאוה; אַלע האַלטען זיי זיך פאַר הייליגע; נור זיי זײַנען מענטשען, אָבער אַלע אַנדערע אומות זענען קיין מענטשען ניט. די רעגירונג איז מחויב אויסצוראָטען דאָס שמוץ פונ׳ם יידענטום. די מיטלען, וואָס דער קייזער האָט ביז איצט אָנגעווענדעט בנוגע צו פאַרשפרייטען בילדונג צווישען יידען, האָבען ניט געהאָלפען. דער עיקר איז—מקרב-צו-זײַן די יידען צו דער ניט-יידישער באַפעלקערונג. צו דעם צוועק דאַרף מען פאַרמאַכען אַלע ישיבות און בתי-מדרשים און לאָזען נור איין ישיבה אין פראָג. פון די שולען דאַרף מען אַרויסטרייבען העברעיש. די רעגירונג דאַרף פאַרפליכטען די יידען, אַז יעדע קהלה, זאָל האָבען אַ פּרעדיגער, אָבער קיין רבנים דאַרף מען ניט. און אַ באַזונדערע קאָמיסיע מוז געגרינדעט ווערען, וואָס זאָל אַדורכקוקען די יידישע ספרים—ער אַליין שטעלט דערבײַ צו אַ רשימה פון די ספרים—און אַרויסוואַרפען פון דאָרט אַלץ, וואָס וועקט דעם פאַנאַטיזם און שטיצט די רעליגיעזע נאַרישקייטען. די רעגירונג דאַרף אויך אוממעגלעך מאַכען פאַר יידען זיך צו פאַרנעמען מיט די רבנישע למודים, וואָס פאַרדרייען זיי דעם קאָפּ מיט פּוסטע האָפּנונגען, ווילדע נחמות און נאַרישע חלומות א. ד. גל.״ (דר. ש. בערנפעלד, „תולדות הריפורמציה הדתית בישראל״, פאַרלאַג אחיאסף, קראָקע תר״ס. זײַטען 29—30). די רעגירונג האָט זיך מיט דעם בײַזווייליגען פאָרשלאָג האָמבערג׳ס ניט גערעכענט. אָבער די יידישע שונאים, אין זייערע העצעס אויף יידען, האָבען זיך אָפט באַנוצט מיט האָמבערג׳ס „פאָרשלאָג״. האָמבערג באַטייליגט זיך ביסלעכווייס אינ׳ם ערשטען זשורנאַל, פון די ערשטע משכילים: „המאסף״ און ווערט פאַרשוואונדען פון דער יידישער בימה. אין יאָר 1841

איז ער אין פּראָג געשטאָרבען.

די אָרטאָדאָקסיע האָט מנצח-געווען די מענטשען, וועלכע האָבען פּראָפּאַגאַנדירט די אידעע פון השכלה, אָבער די אידעע גופא האָבען זיי נישט געקאָנט מנצח-זיין. דאָס פאָלק, דערהויפּט די יוגענד האָט דאָך געשטרעבט צו אויפקלערונג, און צו וועלטלעך וויסען. די עסטרייכישע און בעמישע יידען האָבען זיך פאַרהאַלטען מיט מער צוטרוי און דאַנקבאַרקייט צום עדיקט פון זייער קעניג, ווי די יידען אין גאַליציען. זיי האָבען דאָך געהאָפט, אַז סוף-כל-סוף וועט די אויפקלערונג זיי ברענגען בירגערלעכע רעכט. דערצו זענען די עסטרייכישע יידען געשטאַנען אין נאָענטע באַציונגען מיט די ספרדישע יידען אין אילאַטיען און טריעסט, וועלכע זענען בכלל געווען אָנהענגער פון בילדונג און אויפקלערונג. די ערשטע שולען, אַזוינע ווי די רעגירונג האָט געפאָדערט, זענען געגרינדעט געוואָרען אין טריעסט. עסטרייכישע יידישע סוחרים זענען געשטאַנען אין האַנדעלס-פאַרבינדונגען מיט די איטאַליענישע יידען. די איטאַליענישע זיידען-אינדוסטריע, ווי די אינדוסטריע פון דרום-פראַנקרייך, זענען דורך יידישע הענט פאַרשפּרייט געוואָרען אויף די עסטרייכישע מערק. און סחורה פון אַ פרעמד לאַנד, קומט שטענדיק אינאיינעם מיט תורה,—מיט די מיינונגען, וואָס גילטען אין דער פרעמד. און מיר זעען אויך, אַז אַפילו אין פּראָג עפענט זיך אינגיכען אַ רעפאָרמירטע שול פאַר יידישע קינדער, אין קיין תלמידים פעלען נישט. נאָכמער. דער גרעסטער געגנער פון די נייע רעפאָרמען, רבי יחזקאל לאַנדוי, דער פּראָגער רב, גייט איך סוף-כל-סוף איין אויף הנחות. פינקט ווי ער בענטשט, אין אַ הייסער רעדע, די ערשטע יידישע זעלנער, וואָס קומען אַריין אין דער דייטשישער אַרמעע, אַזוי הייס שטיצט ער אויך שפּעטער די נייע איבערזעצונג פון חומש, וואָס איינער האָט איבערגעזעצט אויף דייטש. די נייע איבערזעצונג האָט נישט געשטימט מיט מענדעלסזאָנס. די שפּראַך איז געווען פּשוט'ער, און געקאָנט די-

נען צו פארטייטשען דעם חומש... די משכילים זענען געווען אומצופרידען מיט דער איבערזעצונג. אבער רבי יחזקאל לאנדוי׳ס הסכמה צו דער איבערזעצונג, איז דאך געווען, פון זיין זייט, א הנחה דער אויפקלערונג. און מיט דריי צענדליק יאר שפעטער, הערען מיר, אז דעם פראגער רב—רבי יחזקאל לאנדוי׳ס זון—נעמט-זאן וויזעל׳ס פראגראם פאר יידישע שולען, און זעט דערין א גליק און א נייטהווענדיקייט אי פאר יידען, אי פאר׳ן יידענטום (ב״צ כץ, זאמעלבוך „הזמן״, פעטערבורג 1903, זייטען 36—7).

---

אנדערש איז פארגעקומען דער השכלה-קאמף, און נאכדעם די השכלה-באוועגונג אין דייטשלאנד. קודם כל איז דא נישט געווען קיין מאסען-יידענטום—ווי אין עסטרייכישען גאליציע, אין בעמען אדער אין מערען. נישט געווען די ישיבות, די גאונים און לומדים, וואס זאלען אזוי אייפערדיק שיצען די טראדיציע, וואס האט אין דער השכלה געזען א געפאר פאר איר קיום. פון דער אנדערער זייט האבען זיך די משכילים אין דייטשלאנד נישט געשטיצט, אין זייער ארבעט, אויף דער מאכט פון דער רעגירונג, וועלכע האט געזאלט די פאדערונגען פון די משכילים פראקטיש אדורכפירען אין לעבען—און זאל אפילו זיין דורך צוואנג, ווי דאס איז געווען אין עסטרייך. ממילא איז אויך די געגנערשאפט צו די משכילים נישט שטארק געווען. דערצו האט די השכלה אין דייטשלאנד געהאט אזא מעכטיקען, שטיל-שווייגענדיקען אגיטאטאר פאר זיך, ווי מענדעלסזאן. אויב נישט זיינע ווערק, ווו ער האט שטענדיק פארטיידיגט דאס יידענטום ווי דאס איז, איז דאך ער אליין, זיין שטייגער לעבען—אין שטרענגער יידישקייט—און זיין אנזען בא דער ארומיקער וועלט איז געווען דער בעסטער באווייז לטובת דער השכלה פאר יידען, און איר אומשעדלעכקייט פאר׳ן יידענטום. און נאך איינס, אפשר דאס וויכטיקסטע: דאס ביסעל יידען אין דייטשלאנד איז, אין די לעצטע 50—40 יאר, אונטער

דער הערשאַפט פון כּריזדריך דעם גרויסען, דורכשניטלעך רייך־געוואָרען. ער האָט זיי מיט אַלע מיטלען כּמעט געצוואונגען, צו גרינדען מאַנופאַקטורען (פּרימיטיווע פאַבריקען) פאַר פאַרשידע־נערליי אויסאַרבעטונגען פון סחורות, צו גרינדען גרויסע גע־שעפטען, באַנקען א. ד. גל. די רייכע יידען זענען, צוליב זייערע געשעפטען, געקומען אין פאַרקער מיט דער אויסען-וועלט, און אַליין גאַנץ גוט איינגעזען, ווי נוצלעך די אַלגעמיינע ביל־דונג איז פאַר יידען. נאָכמער. יעדער רייכער ייד האָט זיך באַ־מיט, אַריינצוברענגען וועלטלעכע בילדונג אין זיין הויז, נישט בלויז ווי אַ פוץ-זאַך, נור ווי אַ נייטיקע לעבענס-באַדערפעניש. דערפאַר, אַז עס האָט זיך אין דייטשלאַנד אָנגעהויבען די השכלה־באַוועגונג, איז כּמעט נישט געווען די שיכט אין דער באַ־פעלקערונג, וואָס זאָל אַרויסטרעטען קיגען איר. אַדרבא, די השכלה איז אירע מאָטיוען, זענען געשטאַנען אונטער דער השפּעה פונ׳ם יידישען לעבען און אונטער דער ווירקונג פון זייערע נויט־ווענדיקסטע לעבענס-פאָדערונגען פון יענער צייט. און די הויפּט־פאָדערונג איז דאַן געווען—גלייכבאַרעכטיגונג. קיין זאַך האָט דעם דייטשישען יידען נישט געפעלט אַזוי שטאַרק, ווי רעכט. איינצעלנע מענטשען פלעגען זיך יאָרען-לאַנג באַמיען ברענגען דערצו גרויסע געלט-קרבנות, כּדי מ׳זאָל זיי מזכּה-זיין מיט אַ „פּאַטענט״, לויט וועלכען זיי באַקומען דיזעלבע האַנדעלס־רעכט, ווי די קריסטען. בלויז האַנדעלס-רעכט! אָבער אַזוינע „פּאַטענטען״, אָדער פּריווילעגיעס צו באַקומען האָט זיך איינגע־געבען נור זייער ווייניקע, אָדער גאָר טאַקע איינצעלנע. און האָט מען אַרום גע׳טענה׳ט: יידען קאָן נישט געגעבען ווערען קיין רעכט, גלייכע מיט אַלעמען, ווייל זיי זענען נישט פעיק צו בילדונג, ווייל זייער רעליגיע איז צופיל אָפּגעשייט פון אַנדערע רעליגיעס, ווייל זייער שפּראַך איז פאַרדאָרבען—אַזוי האָבען זיך יידען באַמיט צו טון אַלץ, וואָס מעגלעך, כּדי פון זייער זייט זאָל נישט זיין קיין מניעות די רעכט צו באַקומען. אויב ס׳איז

דערצו נייטיק בילדונג—איז בילדונג. אָבער דערביי איז שוין די בילדונג נישט קיין זעלבסטצוועק, ווי מענדעלסזאָן האָט געהאַלטען, נור אַ מיטעל—דער וועלט צו געפעלען. דאָס געפעלען דער וועלט איז, אָבער, אויך נור אַ מיטעל צום לעצטען צוועק—רעכט צו באַקומען. איז די רעליגיע אַ שטער—דאַרף מען זי רעפאָרמירען, באַפוצען און באַשיינען און אויסגלייכען מיט דעם פּראָטעסטאַנטיזם—כדי לייטען צו געפעלען, כדי רעכט צו באַקומען... אין גאָר גיך ענטוויקעלט זיך אַ גרויסע רעפאָרם-באַוועגונג אין דייטשלאַנד—אָבער דאָס איז שוין אַ טעמע פאַר זיך. מיר בלייבען בא דער בילדונג, אָדער השכלה-באַוועגונג.

איר ערשטען טריט האָט די דאָזיקע באַוועגונג געמאַכט אין קעניגסבערג, וועלכע איז, בנוגע צו קולטור, געווען ווי אַ פאָרשטאָט פון בערלין. דאָרט, ווי עס איז שוין פריער דערמאָנט־געווען, איז גאָך בא מענדעלסזאָנ׳ס לעבען דערשינען דער ערשטער זשורנאַל פון די משכילים, „המאסף״ (1783), וועלכער איז דערשינען, מיט הפסקות, ביז׳ן יאָר 1811. אויך פיל קעניגסבערגער יידען זענען רייך-געוואָרען אין די צייטען פון פרידריך דעם גרויסען. דאָס רייכקייט האָט געצויגען צו זיך די אייראָפּעישע—דעמאָלט פראַנצויזישע—בילדונג. אַ חוץ דעם איז קעניגסבערג גופא דעמאָלט געווען אַנ׳אָרט, וואוהין גאַנץ אייראָפּע האָט מיט שטוינען געקוקט—דאָרט האָט געלעבט און געווירקט דער באַרימטער פילאָזאָף קאַנט. דער קעניגסבערגער אוניווערזיטעט, וואו קאַנט איז געווען פּראָפעסאָר, האָט צוגעצויגען צו זיך פיל גרויסע גייסטער, צווישען זיי אויך יידען, צו וועלכע דער קעניגסבערגער אוניווערזיטעט האָט זיך פאַרהאַלטען מיט אַ געוויסער טאָלעראַנץ. דאָס אַלץ צוזאַמען, האָט געמאַכט קעניגסבערג פאַר אַ קולטור-צענטער.

אין דעם דאָזיקען אַלגעמיינעם צענטער האָט זיך געפונען אַ יידישער בילדונגס-צענטער—אין דער פאַמיליע פרידלענדער: גרויסע גבירים, חשוב׳ע מענטשען און ליבהאָבער פון בילדונג,

איינער פון דער משפחה, דורך פרידלענדער, האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פונ'ם בערלינער ראש-הקהל, דניאל איטציג, און צוליב דעם, האָט ער שוין פון ערשטען טאָג-אָן פאַרנומען אַנ'אָנגעזען אָרט אין דער בערלינער יידישער קהלה, אינגיכען ווערט ער אַ מקרב צו מענדעלסזאָנען, און גילט ווי אַ לעבעדיקע פאַרבינדונג צווישען בערלין, דעם צענטער פון יידישער אויפ-קלערונג, און צווישען קעניגסבערג.

צווישען די יידישע סטודענטען אין דעם קעניגסבערגער אוניווערזיטעט, זענען ס'רוב געווען אַזוינע, וועלכע זענען מיט אַלע זייערע וואָרצלען געווען איינגעוואַקסען אין יידענטום, און אויף דער בילדונג, וואָס זיי האָבען דאָ דערוואָרבען, האָבען זיי געקוקט, ווי אויף אַ גייסטיקע עשירות, וואָס זיי דאַרפען זיך טיילען דערמיט, מיט זייערע ברידער. צוויי פון די דאָזיקע סטו-דענטען: יצחק אייכעל און מענדעל ברעסלוי, זענען לע-רער באַ די פרידלענדערס. און איינעם מיט צוויי פון די ברי-דער פרידלענדער גרינדען זיי אין יאָר 1783 אַ חברה „דורשי לשון עבר" און אַ פאַרלאַג אויף אַרויסצוגעבען אַ יידישע צייט-שריפט: „המאַסף". גאָר אינגיכען ציען זיי צו צו זיך יונגעלייט משכילים פון גאַנץ מערב-אייראָפּע—פון איטאַליען, האָלאַנד און פראַנקרייך. שוין נישט צו רעדען דערפון, וואָס אַלע בערלינער משכילים זענען געווען מיטאַרבעטער אין דעם זשורנאַל.

נישט דאָס פּראָגראַם פון „מאסף" און נישט דער אינהאַלט זיינער גענוגט, כדי צו דערקלערען די ווירקונג, וואָס ער האָט געהאַט לטובת דער השכלה. ווי דאָס פּראָגראַם, אַזוי אויך דער אינהאַלט באַשטייט דורכויס פון הויכער מליצה. דאָס פּראָגראַם —שירים מיט מאָראַלישען אינהאַלט; מאמרים וועגען שפּראַך-וויסענשאַפט (העברעיש, נאַטירלעך), דערקלערונגען אויף די שווערע פסוקים אין תנ"ך א. ד. גל. ביאָגראַפיעס פון יידישע גרויסע מענטשען—כדי צו ווייזען דער נישט-יידישער וועלט אונ-דזער גייסטיקע עשירות און נייעס, וואָס קומט פאָר אויפ'ן

געבײַט פֿון דער ליבע צום וויסען, די אַכטונג און טובות צו ייִדען אין אַלע אייראָפּעיִשע לענדער א. ד. גל.

גענוג צו זאָגען, אַז דאָס פּראָגראַם איז פּינקטלעך אויסגעפֿירט געוואָרען—על-כל-פּנים אין ערשטען ציקל „מאספים" (פֿון 1783 ביז 1790). כדי עס זאָל קלאָר זײַן, ווי ווײַט דער זשורנאַל איז געווען אָפּגעריסען פֿון לעבען און פֿון די פּראַגען, וואָס האָבען די ייִדען אינטערעסירט, איז כדאי צו דערמאָנען, אַז כמעט די איינציקע פּובליציסטישע טעמע, וואָס איז אין די „מאספים" באַהאַנדעלט געוואָרען, איז געווען: צי מעג מען אַ טויטען לאָזען ליגען איבער נאַכט—ווי די רעגירונג האָט דאַן געפֿאָדערט פֿון ייִדען—אָדער מען מוז איִם, לויט'ן דין, באַגראָבען דעם זעלבען טאָג?... שירים האָבען דאָרט נישט געפֿעלט, דערפֿאַר האָט דאָרט געפֿעלט אפילו דער קלענצטער פֿונק פֿון פּאָעזיע. פּשט'לעך אין „פּסוקים", איינפֿאַלען אין דקדוק, אַזוי גוט ווי די פּאָר ביאָגראַפֿיעס, וואָס זענען דאָרט געקומען, זענען גיכער שפּיעלערײַען, איידער וויסענשאַפֿט... און פֿאַרפֿלייצט זענען די „מאספים" געווען פֿון ליבע—ליבע צו העברעיִש, ליבע צו בילדונג און ליבע צו „ליכט און צום וויסען". און אַלץ האָט באַגלייט דער איינער מאָטיוו:

—און זאָלען די פֿעלקער וויסען, אַז מיר פֿאַרמאָגען אויך אַזאַ שפּראַך, אויף וועלכער מ'קאָן שרײַבען אי לידער, אי פּובליציסטיק, אי וויסענשאַפֿט, און אַז מיר פֿאַרמאָגען די פּאָעטען, וועלכע שאַפֿען די לידער; די שרײַבער, וועלכע שרײַבען די פּובליציסטיק און די קענער, וועלכע גיבען אונדז די וויסענשאַפֿט. און אַז די פֿעלקער וועלען דאָס וויסען, וועלען זיי אַנדערש זיך אָנהייבען פֿאַרהאַלטען צו אונדז, און ממילא וועלען מיר — — — צו אונדזערע רעכט קומען.

אַלדזאָ, אי העברעיִש, אי דאָס וויסען, אי די בילדונג— אַלץ האָט געזאָלט דינען אַלס מיטעל צו איין העכערען צוועק— ר ע כ ט;

אינדירעקט האָט, אָבער, דער „מאסף" דאָך געבראַכט אַ גרויסען נוצען דער אויפקלערונג און געשטאַרקט די השכלה־באַוועגונג. ער האָט געדינט ווי אַ מין „גייסטיקער צענטער" פאַר די געצווייטע משכילים, וואָס זענען ביז־איצט צעזייט און צעשפרייט געווען אין אַלע לענדער. פון איצט־אָן זענען שוין די משכילים מער נישט אייַנזאַם און עלענט, יעדער פאַר־זיך. פון איצט־אָן פילט זיך יעדער, ווי אַ מיטגליד פון אַ גאַנצער, נייַ-אויפגעקומענער קערפערשאַפט. פון איצט־אָן טרעטען־זיי אַרויס, ווי אַ נייַע, פאַראייניגטע גרופע אין ידענטום, מיט נייַע קולטורעלע און בירגערלעכע פאָדערונגען, אי קעגען אויסען, אי קעגען אינעווייניק. צו די מתנגדים און חסידים, קומען איצט צו די משכילים. אַלע האָבען זיי זיך באַגעגענט אין „מאסף". אַלע–דערהויפט פון מערב-אייראָפּע. יעדער איינציקער פון זיי האָט עס געהאַלטען פאַר זיין חוב, עפּעס אַרייַנצוטראָגען צום בנין פון דעם צענטער. וואָס איינער האָט פאַרמאָגט—דאָס האָט ער אַהין געבראַכט. אמת, אָביעקטיוו איז דאָס געבראַכטע נישט פיל, אָדער גאָרנישט ווערט געווען, סוביעקטיוו אָבער, האָט יעדער אומבאַדייַטענדיק שיר, יעדער מליצה-אַרטיקעל געשטאַרקט דעם קבוץ פון די משכילים, די סאָלידאַריטעט צווישען זיי. יעדער פון זיי האָט פון איצט-אָן געפילט, אַז ער האָט זיך אויף וועמען צו שטיצען אין זיין קאַמף. אָט די פאַראייניגונג צווישען די משכילים, האָט אויף אַ לאַנגער צייט איבערגעלעבט די „מאספים", און געבראַכט דער השכלה פיל מער נוצען, ווי דער אינהאַלט פון די „מאספים" האָט געבראַכט.

---

אין יאָר 1789 בראַכט־אויס די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. די דייטשישע ידען ווערען געוואָר, אַז דאָס ציל, צו וועלכען זיי האָבען אַזויפיל יאָר געשטרעבט און אַזויפיל מי אָנגעווענט —צו צעברעכען דעם צוים, וואָס שטייט זיי אָפּ פון דער אַרויסיקער וועלט,—האָבען די פראַנצויזישע ידען כמעט אָהן מי

דערגרייכט; כמעט אַז איבערנאַכט זענען זיי געוואָרען גלייכבאַ־רעכטיגטע בירגער... אַז פון היינט אויף מאָרגען זענען טויזענט-יעריקע צוימען אָפּגערוימט געוואָרען; אַז פעלקער נעמען זיך רעכט מיט גוואַלט,,, אַז דאָס, וואָס עס איז נעכטען הייליג-גע-ווען, ווערט היינט מיט די פיס געטראָטען; אַז בלויז צו זייער גליק האָבען מענטשען פון זיך אַראָפּגעוואָרפען דעם רעליגיע־זען און פאָליטישען יאָך, וואָס זיי האָבען דורות-לאַנג געדולדיק געטראָגען. אינאיינעם מיט דעם יאָך, זענען אויך געפאַלען אַלע צוימען צווישען פאָלק און פאָלק, שטאַנט און שטאַנט, מענטש און מענטש. „פרייהייט, גלייכקייט און ברידערלעכקייט”—אונטער דער פאָן שטייט איצט פראַנקרייך, און דאָס איז עס דאָך אייגענטלעך, צו וואָס די אויפגעקלערטע מענטשהייט, צו וואָס די אונטערדריקטע יידען שטרעבען שוין אַזוי לאַנג.

אינאיינעם מיט דעם איינזען, ווערט אויך די אויפגעקלער־טע דייטשישע יידען קלאָר, אַז מיט קליינע, לאַנגזאַמע טריט קאָן מען צו קיין גרויסע צילען נישט קומען; אַז מיט סענטימענטאַ־ליטעט צו אַלטע טראַדיציעס, קאָן מען קיין נייע וועלטען נישט בויען, און אין די ניי־אויפגעבויטע—נישט אַריינקומען. דאָס פראַנ־צויזישע פאָלק-און מיט אים די פראַנצויזישע יידען-וואָלטען נישט געקומען צו זייערע רעכט, ווען זיי וואָלטען זיך אויף שריט און טריט געוועז אָפּגעשטעלט פאַר די צוימען, וואָס די מענטשלעכע געשיכטע האָט אויפגעשטעלט, געהייליגט און פאַרגעטערט. די פראַנצויזען וואָלטען נישט געקומען צו קיין אויסערער פרייהייט, ווען זיי וואָלטען נישט פריער, אינערלעך זיך באַפרייט פון דעם, וואָס די קולטור האָט אָנגעהויפט אַרום דער מענטשלעכער גע־זעלשאַפט; ווען זיי וואָלטען נישט פריער איינגעזאַפּט אין זיך וואָלטערס צווייפעל און סאַטירע ווי רוסאָ׳ס פאָדערונג: צוריק פון דער קולטור, צו דער נאַטור! צו נאַטירלעכע לע־בענס־נאָרמען, ווו אַלע מענטשען זענען גלייך געווען.

און זויב זיי, די דייטשען זענען נאָך נישט גרייט צו א

רעוואָלוציע פון אויסען, זאָלען מיר גרייט-זיין—לאָמיר מאַכען אַרעוואָלוציע אינעווייניק. לאָמיר אָפּרוימען די צוימען, וואָס שטייען צווישען אונדז אין דער וועלט. די רעליגיע—די דאַרפען מיר רעפאָרמירען, דאָס הייסט, מיר דאַרפען זי אומקערען צו איר אוראַלטער פאָרם, ווען זי האָט נאָך נישט געוווּסט פון אַזויפיל דינים און מצוות, ווי איצט, און לאָזען בלויז דאָס „געלייטערטע יידענטום", וואָס קאָן גילטיק-זיין פאַר אַלעמען; העברעיש—דעם תנ"ך האָט שוין מענדעלסזאָן איבערגעזעצט אויף דייטש, דעם תהילים—אויך. די הפטורות האָט פרידלענדער איבערגעזעצט, דעם סדור—אייכעל און פרידלענדער אַזוי, אַז אויך אין דעם פּרט, באַם דאַווענען, וועלען שין יידען נישט אָפּגעשייט זיין פון זייערע שכנים.

די עלטערע, וועלכע זענען אויסגעוואַקסען אין פרומע יידישע הייזער און אַליין אויך נאָך אַריינגעזאַפּט אין זיך, אין דער יוגענד, אַביסעל יידישקייט, האָבען געטרעט בלויז פון רעפאָרמירען דאָס יידענטום. אינגאַנצען זיך אָפּזאָגען דערפון—דאָס האָבען זיי פּסיכאָלאָגיש נישט געקאָנט. זיי, די עלטערע, וואָס שטייען באַם רודער פון לעבען, פילען דערהויפּט דאָס באַדערפעניש אין פרייהייט און גלייכקייט—אין זין פון רעכט. נאָכדעם, ווי פרידריך דער גרויסער איז אין יאָר 1786 געשטאָרבען און זיין פּלימעניק, פרידריך-ווילהעלם דער צווייטער, איז אַרויף אויפ'ן פּרייסישען טראָן, האָבען יידען געהאָפּט אויף ישועות. אָבער האָפען און וואַרטען איז זיי שוין מאוס-געוואָרען. זיי מוזען מיט גוואַלט די ישועות אַראָפּברענגען. מען גייט מיט שתדלנות, מיט בקשות, אָבער דאָס העלפט נישט אָדער עס העלפט (1780) זייער ווייניק. זוכט מען, און מען געפינט אַנדערע וועגען, וואָס פירען צו רעכט: אין נאָמען פון הונדערטער בערלינער יידישע בעלי-בתים ווענט זיך פרידלענדער צום פּראָטעסטאַנטישען גייסטלעכען טעלער, מיט'ן פאָרשלאָג, ער זאָל זיי אַריינעמען אין קריסטענטום, אָבער מיט'ן תנאי, אַז זיי זאָלען נישט מחויב-זיין

צו אנערקענען אלע עקרים פון קריסטענטום. אמין פשרה האט דא געזאלט געמאכט-ווערען צווישען קריסטענטום און יידענטום, אבער טעלער האט נישט געוואלט וויסען פון האלבע קריסטען, דערצו האט ער זיי אויפמערקזאם געמאכט, אז אויב אפילו ער זאל אנעמען זייער תנאי, איז ער נישט זיכער, אז די רעגירונג וועט וועלען געבען גלייכבארעכטיגונג אזוינע קריסטען... דער פלאן האט זיך, אלדזא, אויך נישט איינגעגעבען.

די יונגערע, דערהויפט יענע, וואס זענען אויסגעוואקסען אין רייכע יידישע הייזער, געווען געבילדעט, געווען נאענט צו די דייטשישע „שטורעם-און- דראנג-העלדען״ (זע אין ערשטען קאפיטעל) האבען פון יידענטום קיין אהנונג נישט געהאט; געלעבט מיט דער פראנצויזישער ליטעראטור, זיך באמיט נאכצוטון אין אלץ די פראנצויזען -זיי האבען אויך געפילט דעם עול פון לעבען, אבער נישט אזוי דאס באדערפעניש אין רעכטלעכער פריי-הייט און גלייכקייט, ווי אין ברידערלעכקייט. זיי מאכען זיך דעם וועג קורץ. גייט נישט דער בארג צו מחמדין, גייט מחמד צום בארג! גיט מען אונדז נישט קיין רעכט—ווייל מיר זענען יידען, וועלען מיר זיך נעמען רעכט—ווייל מיר וועלען ווערען אויס יידען. פיל פון זיי שמד׳ן זיך, נאכמער ווארפען אראפ פון זיך יעדען עול פון טראדיציע—ווי רעליגיעזער, אזוי אויך מאראלישער. די רייכע יידישע סאלאנען, וועלכע זענען אויך פריער שוין געווען די צענטרען פאר אלע, יידישע און דייטשי-שע, פרייגייסטער, ווערען איצט נאך פרייער. דארט ווערען גע-פירט געשפרעכען, וועגען פאליטיק, ליטעראטור, מוזיק, פרייער ליבע און וועגען אלץ, וואס יונגע מענטשען, וועלכע זענען גע-צוואונגען צו שטיין ווייט פון פראקטישער פאליטיק, קאן אינטע-רעסירען. דא קערט מען זיך אום, אזוי צו זאגען, צום „נאטור-צושטאנט״ אין די באציהונגען צווישען די געשלעכטער. געביל-דעטע, אינטערעסאנטע יידישע פרויען, זענען די צענטרען אין די דאזיקע סאלאנען. די ברידערלעכקייט ווייסט פון קיין

שום גרענעצען נישט. אַ הפקר-לעבען לעבט דאָס רייַכע און גע-בילדעטע יידענטום, איינגענעם מיט'ן אויפגעקלערטען, אַריסטאָקראַ-טישען דייַטשישען קריסטענטום.

ווער האָט דען נאָך דעמאָלט געזאָלט אין זינען האָבען צו פּראָפּאַגאַנדירען די אידעע פון אויפקלערונג אין די אונטערשטע שיכטען פון יידישען פאָלק? גענוג איז געווען די פּראָפּאַגאַנדע דורך די טאַטען, דורך די בייַשפּילען, וואָס די אויפגעקלערטע האָבען געליפערט דורך דעם שטייגער לעבען, וואָס זיי האָ-בען געלעבט..

ווער דאַרף דען נאָך איצט האָבען אַזאַ מין זשורנאַל, ווי דער „מאַסף" איז געווען? ווער קאָן ער נאָך אינטערעסירען? העברעיש גופא איז דאָך שוין געווען, און געמוזט זייַן אַנ'אי-בערוויינדענער שטאַנדפּונקט. האָט מען דאָך איך לכתחילה גע-קוקט אויף העברעיש, ווי אויף אַ מיטעל צו בילדונג, און אויף בילדונג—ווי אויף אַ מיטעל צו גלייַכבאַרעכטיגונג. און האָט מען איצט געגלייבט, אַז מען האָט געפונען בעסערע און זיכערערע מיטלען, וואָס פירען צום ציל—צו וואָס דאָס העברעיש? קיין וואונדער נישט, אַז אין אַ יאָר אַרום, נאָכ'ן אָנהייב פון דער רע-וואָלוציע אין פּאַריז, איז אונטערגעגאַנגען דער „מאַסף" אין בער-לין. און נאָך מיט אַ יאָר שפּעטער (1791) פאַרמאַכט פרידלענ-דער אַפילו די רעפאָרמירטע שול פאַר קינדער, וועלכע האָט עק-זיסטירט פון יאָר 1781—אַ שול, מיט וועלכער אפילו ווייַזעל איז אומצופרידען געווען,—און אין די 10 יאָר, וואָס זי האָט עקזיס-טירט, האָט זי אַר.יסגעלאָזט איבער 500 קינדער, וועלכע זענען דערצויגען-געוואָרען אין גייסט פון דער השכלה... דאָס אַלץ—סיי דער זשורנאַל, סיי די קינדער-שול—האָבען מער שוין נישט באַ-פרידיגט דעם אַרבעטס-גיבער פון די משכילים, און נישט זייער שטרעבען—אַרייַנצוקומען אין דער וועלט אַרייַן, ווי גלייַכע צו גלייַכע. די השכלה-באַוועגונג האָט זיך צונויפגעשטויסען מיט דער עמאַנסיפּאַציאָנס-באַוועגונג, און האָט, אויף אַ צייַט לאַנג, אָפּגע-

טראַסטען איר פלאַץ דער לעצטער.

עס וואָלט, אָבער, געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די אָנפירער פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער געזעלשאַפט האָבען נישט געזען, אָדער צופרידען-געווען מיט דער זיטלעכער צעפאַלענקייט פון דער ייִדישער געזעלשאַפט. אין יאָר 1793 שרייבט פרידלענדער אין דער הקדמה צו זײַן ווערק „אַקטענשטיקע“:

„... שלעכטע מדות זענען פאַרשפרייט צווישען אונדז, פון וועלכע אונדזערע עלטערען האָבען נישט געוווּסט, און מיר צאָלען פאַר זיי צו-טײַער: פאָלשטענדיקע רעליגיעזע כפירה, דאָס יאָגען זיך נאָך איבערגעטראָגענע פאַרגעניגענס און מאָראַלישער ירידה. אַלע רעדנער, וואָס וואַקסען אויס אומעטום, ווי די קולטור אין די אויפקלערונג גייען מיט קרומע וועגען, האָבען זיך אויך בײַ אונדז איינגעוואָרצעלט“.

און ווי פרידלענדער וויינט אויף די פאַרדאָרבענע מדות, אַזוי וויינט יצחק אייכעל, שפּעטער, דערויף, וואָס קיינער וויל מער פון העברעיש נישט וויסען. „גיי אַדורך די גאַסען—זאָגט ער צום יונגען שלום כהן, דעם שפּעטערען רעדאַקטאָר פון נייעם „המאסף“ אין נאָכדעם פון „בכורי העתים“—קוק און זע, צי ועסטו נאָך געפינען כאָטש איינעם אין אַ שטאָט און צוויי אין אַ משפחה, וועלכע זאָלען דיך וועלען אויסהערען—קוים וועלען זיי וויסען, אַז דײַן שפּראַך איז העברעיש“ (מ. לעטעריס, „זכרון בספר“ זײַט 96).

און ביידע—אי פרידלענדער. אי אייכעל—האָבען נישט געוואָלט, און אפשר נישט געקאָנט איינזען, אַז זיי און זייער גלײַכען, וועלכע האָבען אַלץ געשטעלט אויף דער קאָרט פון גלײַכבאַרעכטיגונג; וואָס קיין פרייז איז זיי נישט צו-טײַער געווען אַבי אָנערקענט-צו-ווערען פון דער אויסען-וועלט—אַז דערמיט האָבען זיי אַלע מיטגעהאָלפען דער דערמאָנטער זיטלעכער וואַקבאַנאַליע, דאָס ליפען פון יודענטום און ממילא אויך שוין פון העברעיש...

עס האָט אויסגעזען, אַז עס קומט אַ סוף צו דער גאַנצער השכלה־באַוועגונג, וואָס איז איינגאַנצען, ווי פאַרשלונגען געוואָרען אין דער באַוועגונג פון עמאַנסיפּאַציע. אָבער צום גליק פאַר דער יידישער השכלה, האָבען זיך דעמאָלט עוין, אויך אַנדערע שטימען געלאָזט הערען אין יידענטום. די אַנדערע האָבען געקוקט אויף דער אויפקלערונג און אפילו אויף דער רעפאָרמאַציע נישט ווי אויף אַ מיטעל, נור ווי אויף אַ זעלבסטצוועק. אויפ'ן יידענטום ווידער האָבען זיי געקוקט, נישט ווי אויף אַ רעליגיע, וואָס פאַרמאָגט זיך איר בינטעל מצוות און אַ נוסח פון תפילות, נור ווי אויף אַ טויזענט-יעריקען קולטור-פּראָדוקט, אין וועלכען עס איז פאַרקערפערט דער גאַנצער מאָראַלישער אָנבליק פון דער יידישער נאַציע. איינער, דער באַדייטענדסטער פון די דאָזיקע אַנדערע, איז געווען אליעזר בן־דוד.

בן-דוד איז געווען אַן'אייפערדיקער אָנהענגער פון קאַנט'ס פילאָזאָפיע און אַ טיכטיקער יוריסט. מיט דער רייכער פלוטאָקראַטיע האָט ער קיין שום פאַרבינדונגען נישט געהאַט, און ממילא אויך ווייט געווען פון אירע טענדענצען—אַ געווינס צו כאַפּען פאַר דער אויפקלערונג, אָדער פאַר'ן יידענטום. ער איז אומגעפאָרען און געהאַלטען עפענטלעכע פאָרלעזונגען וועגען קאַנט'ס ביי פילאָזאָפיש סיסטעם. די דייטשישע רעגירונגען האָבען אים דערפאַר פאַרפאָלגט, מען האָט אים דערפאַר אויך פון וויין זרויסגעשיקט. ער האָט זיך, אָבער, צוליב די רדיפות נישט אָפּגעזאָגט פון זיינע פילאָזאָפישע איבערציי'גונגען, כל ימיו איז ער געווען אַן'אָרעמאַן ,און זי מפרנס-געווען פון שלייפען ברילען-גלעזער. דערצו איז ער געווען פאַרוואַלטער פון אַ שול פאַר פאַר אָרעמע יידישע קינדער אין בערלין, אָבער אָהן געהאַלט. עטלעכע מאָל האָט ער זיך געפּרוווט פועל'ן באַ דער רעגירונג— דערהויפּט נאָכ'ן יאָר 1797, ווען פרידריך-ווילהעלם דער דריטער ווערט קעניג פון פרייסען—מען זאָל אים געבען אַ שטעלע אין אַ געריכטס-הויז. דער קעניג קען בן-דוד'ן, אַכטעט אים זייער,

באַדוֹיערט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבּען מיט אַזאַ וויסענשאַפט-לעכען צווייג ווי יוריספּרודענץ, און זאָגט אים אָפּ—ווייל „אויב מען זאָל איינן יידען צולאָזען צו אַזאַ אַמט, וועלען באַלט אַ-הערקומען גאַנצע מאַסען זייערע". שמד'ן זיך צוליב אַ שטעלע, ווי דאָס האָבען פיל געטון, וויל ער ניט, און בּלייבּט בּאַ זיי-נ'ע בּרילען.

ער מיינט אויך, אַז די יידישע רעליגיע מוז רעפאָרמירט ווערען. אַלע פּראַקטישע מצוות, אָדער על-כל-פּנים יענע פון זיי, וואָס האָבען איצט מער קיין זין ניט, דאַרפען בטל-ווערען. אָבער דאָס אַלץ דאַרף געשען ניט צוליב דעם, אַז יידען זאָלען ווערען פּראָטעסטאַנטען, אָדער קאַטאָליקען גלייך, אויך ניט צוליב דעם, אַז זיי זאָלען דערמיט פאַרבעסערען זייער פּאָליטיש-רעכטלעכע מערכה, נור דאָס דאַרף געשען אויסשליס-לעך צוליב דעם, אַז מען זאָל קאָנען דערהאַלטען די מאָראַלי-שע יסודות פון יידענטום, אָדער „דעם געלייטערטען גלויבען". וואָרום כל-זמן די מאָראַלישע פּרינציפּען זענען פאַרוועבט מיט די פּראַקטישע מצוות, וואָס קענען ניט מער אָפּגעהיט ווערען, איז איינגענעם מיט אָט די מצוות וואַרפט מען אויך אַוועק די גאַנצע רעליגיע, די גאַנצע יידישע מאָראַל. און דאָס שרייבּט בּן-דוד אין זעלבען יאָר 1793, ווען פרידלענדער באַוויינט די זיטלעכע ירידה צווישען יידען (זע בערנפעלד: „תולדות הריפור-מציה הדתית בישראל", הוצאת „אחיאסף" קראַקוי תר"ס, זייטען 23—35).

גוט צי שלעכט, אָבער די יידישע אויפקלערונג ווערט דאָ אָנגעזען ווי אַ צוועק פאַר-זיך, צו וועלכען מען דאַרף שטרעבען אומאָפּהענגיג פון וועלכע עס איז זייטיגע מאָטיוען. פון יידענ-טום מוז אַרויסגעהויבען ווערען דאָס שיינע; עס מוזען באַלויכ-טען און אויפגעקלערט-ווערען די אייביגע ווערטען, וואָס ליגען אין יידענטום און מ'דאַרף זיי באַלייבט-מאַכען פאַר'ן יונגען דור — כדי אַז אי דער דור, אי דאָס יידענטום זאָלען ניט סוף-

כל-סוף אונטערגיין, אויב זיי וועלען בלייבען אָפּגעשייט פון איי־נאַנדער.

מען דאַרף, הייסט עס, אויפקלערעריש אויפפאַסען דאָס יי־דענטום, אָדער, ווי מען האָט עס שפּעטער אויסגעדריקט: באַ־לויכטען דאָס יידענטום פונ׳ם שטאַנטפּונקט פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער וויסענשאַפט, צוליב דער עקזיסטענץ פון יידענטום.

און דערזעלבער שלום כהן, פאַר וועלכען איינער האָט אַרויסגעזאָגט זיינע פּעסימיסטישע געדאַנקען וועגען דער לאַגע פון העברעיש, האָט אויך נישט געקוקט מער אויף העברעיש, ווי אויף אַ מיטעל—צוצוקומען דורך איהם צו אַלגעמיינער בילדונג, און דורך דער בילדונג צו גלייכבאַרעכטיגונג, און הייבט ווידער אָן אַרויסצוגעבען דעם „מאַסף״—קוקענדיק אויף העברעיש, ווי אויף אַ זעלבסטצוועק. צוויי יאָר דורכאַנאַנד גיט ער איהם אַרויס,

אָבער דאָס דעמאָלטיקע דייטשישע יידענטום איז נישט פעהיק געווען אויפצונעמען אַזינע געדאַנקען, און די דאָרטיקע אַטמאָספערע איז נישט גינסטיק געווען פאַר זייער ענטוויקלונג. כדי דער געדאַנק זאָל פּרוכטבאַר ווערען, האָט ער פריהער גע־מוזט איבערוואַנדערען קיין גאַליציען, ווו געדיכטע יידישע מאַ־סען וואוינען, ווו דאָס יידענטום איז נאָך געווען אין פ ו ל ע ן ו ע ר ט. דאָרט זיך איינוואָרצלען און ערשט פון דאָרט-אויס צו־ריק ווירקען אויף דייטשלאַנד. אָבער אַזאַ הין-און צוריק-וואַנ־דערען פאָדערט צייט. און אין דער צייט קומט-פאָר דער דיי־טשישער נצחון איבער נאַפּאָלעאָנען. די גרויסע אייראָפּעישע רע־אַקציע, דער ווינער קאָנגרעס און די יידישע פּאָגראָמען אין עטלעכע שטעט אין דייטשלאַנד

---

און בעת אין דייטשלאַנד זענען די השכלה-קערנער פאַר־פּילט געוואָרען; בעת דער געדאַנק פון י י ד י ש ע ר אויפקלע־רונג איז אָהנמעכטיק אין שוואַך געוואָרען,—אין דערזעלבער

צייט איז צו באמערקן די ערשטע שפראָצונגען פון אויפקלערונג אין פוילען און ליטע.

וואָרום די פאַרבינדונג צווישען פוילען, ליטע און רוס-לאַנד פון איין זייט, און דייטשלאַנד פון דער אַנדערער זייט, האָבען שטענדיק עקזיסטירט. עס איז שוין פריער דערמאָנט געווען, אַז אין 17-טען יאָרהונדערט און נאָכמער אין 18-טען, האָט דייטשלאַנד אימפּאָרטירט רבנים, מלמדים און לערער פון פוילען און ליטע, און פוילישע און ליטווישע סוחרים האָבען אימפּאָרטירט זיידענס און סאַמעט פון דייטשלאַנד. אין לעצטען פערטעל פון 18-טען יאָרהונדערט, ווען דייטשלאַנד האָט מער נישט געפאָדערט קיין פויליש-ליטווישע תורה: ווען דאָס געזונטע יידענטום, וואָס איז געקומען פון פוילען און ליטע, האָט לחלוטין נישט געשטימט מיט'ן דעמאָלטיקען גייסט אין דייטשישען יידענטום, און אַלץ, וואָס האָט געהייסען פויליש—און פויליש האָט געהייסען אַלץ, וואָס איז געקומען פון מזרח—איז געווען פאַרהאַסט און געהעצט—דעמאָלט האָבען זיך פיל וואַנדערענדיקע יונגעלייט אומגעקערט פון דייטשלאַנד צוריק אַהיים, קיין פוילען און ליטע, און ביסלעכווייס מיטגעבראַכט מיט זיך די נייע אידעען, מיט וועלכע זיי האָבען זיך דאָרט באַקאַנט. און אינאיינעם מיט פלוש און באַרכאַט, סאַמעט, זיידענס און האַלב-זיידענס, האָבען די ליטווישע סוחרים מיטגעבראַכט מיט זיך פון די ירידים אויך די בליונגען פון דער דייטשישער אויפקלערונג. זענען דאָך די גרויסע האַנדעלס-צענטרען: האַמבורג און פראַנקפורט, ברעסלוי און קעניגסבערג געווען אויך די צענטרען פון דער השכלה און, שפּעטער, רעפאָרמאַציע, און גראָד אין דער צייט, פון וועלכער מיר רעדען,—די לעצטע יאָרען פון יעקאַטערינע דער גרויסער, זענען רוסלענדישע יידען רייך-געוואָרען. צוליב מסחר, ווי געזאָגט,—געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער וועלט און אויך אַליין אָנגעהויבען שפּירען אַ באַדערפעניש אין קענטשאַפט און געווויסער בילדונג. דאָס דאָזיקע באַדערפעניש איז געוואַקסען אין דער

קורצער צייט פון פאַוועל דעם ערשטענס הערשאַפט און אין די ערשטע יאָרען פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען, ווען יידען האָבען געלעבט מיט דער האָפנונג אויף ישועות. אין די קנאַפּע ליטעראַרישע שריפטען פון די יאָרען 1803—4 באַגעגענען מיר אויסדריקלעך די דאָזיקע שטרעבונגען פון די ליטווישע יידען איינייגעם מיט די מאָטיוועז פון דער בערלינער השכלה.

אַזוי, למשל, שרייבען די שקלאָווער יידען אין יאָר 1803, צו די יידען פון בוכאַרע, אַז „שקלאָוו איז, ברוך השם, אַ שטאָט פון חכמים און סופרים, גבירים און נכבדים, וועלכע האַנדלען מיט גאָר דער וועלט; אַז ס'רוב שקלאָווער סוחרים זענען יידען, וועלכע פאָרען אין עק וועלט נאָך סחורה, און פון שקלאָוו אויס פאַרשפרייטען זיי זיך איבער דער וועלט" א. אַז. וו.

אין זעלבען יאָר 1803 פאַרעפענטלעכט נעוואַכאָוויטש (אַ געבוירענער פון לעטיטשעוו, וועלכען ר' יהושע צייטעלס האָט אויסגעשריבען קיין שקלאָוו פאַר אַ לערער אין וועלטלעכע זאַכען, צו זיין איידעם פרץ) זיין ווערק:—„דאָס וויי-געשריי פון אַ יידישער טאָכטער" ווו כמעט אַלע מאָטיוון זענען גענומען פון מענדעלסזאָנ'ס הקדמה צום ווערק „רעטונג דעס יודענטומס" (תשועת ישראל), פון וועלכען מיר האָבען שוין פריער גערעט.

אין יאָר 1804 ווערט אין שקלאָוו איבערגעדרוקט דאָס ספר'ל „זכר רב" פון בנימין מוספי, מיט דער דייטשישער איבערזעצונג פון נפתלי הערץ שולמאַן פון אַלט-ביכאָוו. דאָס ספר'ל זאָל דינען פאַר מלמדים און פאַר יענע, וואָס לערנען אַליין, ווי אַ האַנט-בוך. דער צוועק—אַלע העברעישע ווערטער פאַרטייטשען אויף דייטש, כדי „יידען זאָלען אויפהערען רעדען זשאַרגאָן, וואָס איז אַ געמיש פון פויליש, רוסיש און אַנדערע שפראַכען, און אָנהייבען רעדען ריין-דייטש". און אין דער הקדמה צום זעלבען ספר'ל קריטיקירט שולמאַן די דעמאָלטיקע מלמדים, וועלכע שטאָפּען די תלמידים מיט פאַרדרייטע פשט'לעך און מדרשים, תוספות און מהרש"א, און האָבען קיין אַהנונג ניש

פון וויסענשאַפט און דרך-ארץ—אַלץ באַקאַנטע בערלינער מאָ-טיוועז.

און נאָך איינס. אויף דעם שער פון דעם זעלבען ספר'ל איז אָפּגעדרוקט אַ מין „פּראָספּעקט״ וועגען אַ וואָכענבלאַט, וואָס דער אייגענער נפתלי הערץ ביכאָווער האָט בדעה אַר.יסצוגעבען. אין דעם פּראָספּעקט דערציילט ער, אַז „אין יעדער שטאָט און אפילו קליינע שטעטלעך געפינען זיך פיל מענטשען, וועלכע שטרעבען צו שלמות״. בכן וועט ער אַרויסגעבען זיין וואָכענ-בלאַט, ווו עס וועט קומען אַי נייעס פון האַמבורג, פּעטערבורג און בערלין, אַי וויסענשאַפט, אַי אַנדערע זאַכען, וואָס זאָלען אינטערעסירען די פּאַרשידענע קלאַסען יידען, און יעדער זאָל דאָרט געפינען, וואָס אים איז ניחא. אויך אין אַ טייל פון דעם פּראָגראַם געפינט איר איבערגע'חזר'ט דאָס פּראָגראַם פון „המאַסף״, ווען אויך נישט ווערטלעך.

אַז יידען האָבען זיך דאַן אָנגעהויבען פּרווען צו באַפרייען אַביסעל פון דעם יאָך פון גלות, אין געפּרווט אַריבערטרעטען די שוועל פון דעם ענגען געטאָ, וויסען מיר אויך פון אַנ'אַנ-דער קוועלע. אין דעמזעלבען יאָר 1804 דערשיינט אין וואַרשע אַ ווערק „הלל בן שוחר״ פּ'נ'ם ראַצקער מגיד רב הלל קאָוונער. אין דעם ווערק באַקלאָגט זך רב הלל דער יף, וואָס יידען זע-נען, רחמנא לצלן, שטאַרק צעלאָזען געוואָרען: לעבען אין מ'יע-רען, ווי די פירשטען, קליידען זיך אין זיידענס און סאַמעט, און פאָרען אין קאַרעטעס. ווי די שררות. דעם עול פון תורה האָט מען פון זיך אַראָפּגעוואָרפען. מען איז כסדר פּאַרטון אין מסחר און געלט-זאַמלען, און זיינע דרשות קומט מער קיינער נישט הערען (זע בן-ציון כץ אין זאַמעלבוך „הזמן״, ספר שלישי, פּעטערבורג 1903 זייטען 9—21).

און אין ווילנע פילט זיך אויך דעמאָלט אַ שטיל גאַרען און שטרעבען צו השכלה, צו אויפקלערונג. עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרען, אַז אין אָנהייב פון די 80-קער יאָרען אין

18-טען יאָרהונדערט, האָט זיך ר׳ שלמה דובנא,—איינער פון מענדעלסזאָנ׳ס מיטאַרבעטער אין שאַפען דעם באור אויף חומש, —אומגעקערט פון בערלין קיין ווילנע. שוין דעמאָלט געפינט ער אין ווילנע „יידען נכבדים און גבירים״, וואָס האַלטען שטאַרק פון מענדעלסזאָנען, און צוליב אים נעמען זיי אויף ר׳ שלמה׳ן מיט׳ן גרעסטען כבוד. „ווילנער גבירים און חכמים״ באַשליסען צו געבען ר׳ שלמה׳ן די נייטיקע מיטלען אויף צו דרוקען אין פראַנקפורט אַ חומש מיט דריי פאַרשידענע איבערזעצונגען און דערצו אַ „באור״ לויט׳ן פשט (זע „קריה נאמנה״ פון ש. פין, זייטען 207, 264, 322 און אַנדערע). דערפון איז, אָבער, גאָרנישט אַרויסגעקומען. די דעמאָלטיקע ווילנע איז נישט מסוגל-געווען אויפצונעמען קיין אויפקלערונגס-געדאַנקען און טון אויפקלערונגס-אַרבעט, ווי דאָס איז צו געפינען געווען אין דייטשלאַנד.

אמת, אין ליטע, ווי אין פוילען, האָבען קיינמאָל נישט געפעלט קיין „זעלטענע אויסנאַמען״, וועלכע האָבען געהאַט אַ קלענערע אָדער גרעסערע ידיעה אין געוויסע וועלטלעכע וויסענשאַפטען. עס זענען געווען אַזוינע, וועלכע האָבען געקענט דקדוק, גערייענט פרעמדע שפראַכען, געווען באַהאַווענט אין מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, געאָגראַפיע, אָדער אפילו באָטאַניק און כעמיע. די רבנישע וועלט האָט זיך דאַן פאַרהאַלטען צו אַזוינע מענטשען מיט אַכטונג—ווייל אָט די אַלע קענטשאַפטען האָבען געשפילט די ראָליע פון „דינסטען״ באַ דער תורה, און געגאָלטען, ווי קרעפטיגונגס-מיטלען באַ דער אמונה. ווי אַלע אַנדערע יידען זענען אויך די „קענער״ געווען פרום און גלויביק, און ס׳רוב אויך גרויסע לומדים, וועלכע האָבען זיך פריער געענוגט אָנגעזעטיגט מיט תורה, און ערשט נאָכדעם, אַזוי זיך, צווישען טאָג און נאַכט, פאַרנומען אויך מיט וואָכעדיקע למודים. וואָס קאָן מען דען האָבען צו אַזוינע יידען?

זייער אָפט, למשל, ווערט אין דער יידישער ליטעראַטור דערמאָנט רבי ברוך שקלאָווער, וואָס דער ווילנער גאון האָט

אים געלאָזט איבערזעצען אויף לשון קודש אַ מאַטעמאַטיש ווערק פון אוקלידוס; אַז דער גאון האָט זייער געוואָלט, מען זאָל איבערזעצען דעם „יוסיפון לרומאים" אויף לשון קודש; אַז דער גאון האָט געזאָגט: „ווען עס פעלט איינעם די נייטיקע ידיעות אין אַ וועלטלעכער חכמה, פעלט אים הונדערט מאָל אַזויפיל ידיעה אין דער תורה" א. ד. גל. אָבער דאָס אַלץ איז נישט געווען קיין אויפקלערונג, און די שפּעטערע אויפקלערונגס-באַוועגונג אין ליטע און פּוילען איז נישט געוואַקסען פון די „זעלטענע עקזעמפּליאַרען", פון וועלכע מיר האָבען דאָ פריער גערעט. וואָרום איינס איז וויסען פאַקטען פון דער אַרומיקער וועלט, און עפּעס אַנדערש איז, מאַכען די נייטיקע אַלגעמיינע אויספירונגען פון אַזינע פאַקטען און באַם ליכט פון אָט די אויספירונגען שאַצען—און נייטיק ווי איבערשאַצען—אונדזערע טראַדיציאָנעלע מיינונגען וועגען אַזוינע פאַקטען און וועגען אַלץ, וואָס מיט זיי איז פאַרבונדען. אַנדערש אויסגעדריקט: עפּעס אַנדערש איז האָבען אַ ידיעה אין פּאָזיטיווע וויסענשאַפטען—ווי פיזיק, כעמיע א. ד. גל.—און עפּעס אַנדערש איז ווידער זיך פאַרנעמען מיט פילאָזאָפישען דענקען, וואָס רירט אָן די הויפּט-יסודות פון מענטשענס גייסטיקער וועלט—ווי די אמונה. און אַ ווייטערער חילוק איז צווישען דעם, ווען אייניצקע מענטשען, „יחידי סגולה", ערלערנען „נאָך עפּעס" אויסער גמרא און פּוסקים—דער אייניציקער למוד, מיט וועלכען יידען האָבען זיך בכלל דאַן פאַרנומען. און צווישען דעם, ווען אָט דאָס „נאָך עפּעס" ווערט אַ עיקר, קומט אַריין אין אַ שיטה, און ווערט אַ חוב פאַר אַלע, דערהויפּט פאַר קינדער—אַז אַלע זאָלען זיי לערנען אי דקדוק, אי חשבון, אי היסטאָריע, אי געאָגראַפיע א. ד. גל., ווי דאָס האָט געפאָדערט די בערלינער השכלה און אין איר נאָמען נפתלי הערץ וויזעל, נפתלי הערץ בײַכאָווער און די שפּעטערע ליטווישע און פּוילישע משכילים.

און מיר זעען אויך, אַז נאָכדעם, ווי ס'איז אין יאָר 1804

דערלויבט געוואָרען די רוסישע יידען אָנצוקומען אין די אַלגע-מיינע מיטעל- און הויך-שולען, האָט זיך אין דער ליטע אָנגעהויבען אַ באַוועגונג אפילו קיינען דקדוק לערנען. פון אַנדערע שפראַכען שוין גאָר נישט צו רעדען. די באַוועגונג איז בכלל געווען קיינען אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו בילדונג—מאַטעמאַטיק נישט אויסגעשלאָסען. די דאָזיקע באַוועגונג איז נאָך שטאַרקער געוואָרען צוליב דעם, וואָס איינעם מיט'ן רעכט צו לערנען אין אַלגעמיינע שולען, האָט מען אויף יידען אַרויפגעלייגט די פליכט, אין 4 יאָר אַרום, ד. ה. פון יאָר 1808 און ווייטער, זאָלען אַלע געוועלטע ראשי-הקהל קענען איינע פון די דריי שפראַכען: רוסיש, פוילישׁ, דייטש און אין אַכט יאָר אַרום, ד.ה. פון יאָר 1812 אָן, האָבען אויך די רבנים געמוזט קענען איינע פון די דערמאָנטע דריי שפראַכען. יידען האָבען, נאַטירלעך, געקוקט אויף דעם, ווי אויף אַ גזרה. און ווייבאַלט אַ גזרה—האָט מען לחלוטין אויפגעהערט צו דרוקען אַפילו וועלכע עס איז וויסענשאַפטלעכע ספרים. ווער עס האָט זיך נאָך איצט דערלויבט צו רעדען וועגען עולמ'שע זאַכען, אויפווייזען פעלער אין יידישען לעבען, האָט מען אים רודף-געווען עד חרמה. דערביי האָט קיין שום זכות נישט געקאָנט מגין-זיין אויף אים—אפילו נישט דער זכות פון דער תורה, ווי דאָס באַווייזט דאָס פאַרהאַלטען זיך צום גאון רבי מנשה איליער, למשל. אמת, די אומוויסענקייט און אָפגעשטאַנענקייט פון יידען בכלל איז געווען זייער גרויס, אָבער גראָד אָט די אומוויסענקייט האָט עס געזאָלט געבען יידען דעם נייטיקען כח בייצושטיין אַלע נסיונות, וואָס האָבען זיך דאַן אָנגערוקט אויף דער וועלט מצד פראַנקרייך און דייטשלאַנד. חסידים און מתנגדים, פוילען און רוסלאַנד, ליטע און זשאַמעט האָבען געמאַכט יד-אחת—צו שיצען זיך קיינען דעם פיינט—דער בילדונג און דער השכלה. און מעג עס אפילו יידען קאָסטען זייער רו און גליק פון דורות. ווייסט מען דאָך, אַז דער ליאַדיער רבי, למשל, האָט געהאַלטען: אויב נאַפּאָלעאָן וועט מנצח-

זיין, וועלען יידען האָבען רעכט, קאָנען לעבען רויג, אָבער דאָס יידישקייט וועט פאַלען, וועט אָבער אַלעקסאַנדער מנצח־זיין -וועט עס יידען גיין שלעכט, זיי וועלען האָבען גרויסע צרות אויס-צעשטיין, אָבער דאָס יידישקייט וועט שטיין פעסט. דערום איז יעדער מחויב אָנצעווענדען אַלע מיטלען דערצו, אַז דער נצחון זאָל בלייבען פאַר אַלעקסאַנדער'ן. אין דער ליאַדיער רבי האָט נישט ווייניק געטון אין דעם פרט צו העלפען דעם רוסישען קיסר מנצח-זיין די פראַנצויזען (זע ש. גינזבורג „די פּאַטרלענ-דישע מלחמה און די יידען" (רוסיש) 1913). מיט'ן שטרעבען צו השכלה איז מען גיך פאַרטיג־געוואָרען. פון איין זייט האָט מען געשאַפען אַ גרויסע באַוועגונג צו ראַטעווען די תורה, וואָס שטייט אין געפאַר בטל-צו-ווערען, פון דער אַנדערער זייט—די מלחמה מיט די פראַנצויזען, וואָס האָט חרב-געמאַכט אַ סך יידישע שטעט און שטעטלעך. די צייט איז נישט גינסטיק-געווען פאַר נייער גייסטיקער אַרבעט. דערצו זענען די איינציקע מענטשען אין ליי-טע, וואָלין און פוילען, וועלכע האָבען געשטרעבט צו דער בערלינער השכלה, געווען צעוואָרפען, אָפּגעריסען און נישט גע-ווּסט איינער פון אַנדערען. קיין שום צענטער האָבען זיי נישט געהאַט און קיין שום פאַרבינדונג צווישען זיי איז נישט געווען. דערווייל איז געשאַפען-געוואָרען די „הייליגע אַליאַנס" פון די איירָאָפּעישע מלכים קייגען נאַפּאָלעאָנען, די גרויסע איירָאָפּעישע רעאַקציע, וואָס די יידען אין גאַנץ איירָאָפּע האָבען באַקומען צו פילען. אַזוי איז עס געקומען, אַז די גאַנצע השכלה-באַווע-גונג איז כמעט ווי פאַרשוואונדען. און נישט בלויז אין רוסלאַנד, נור אפילו אין דייטשלאַנד אויך.

---

און ווי האָט עס דען געקאָנט אַנדערש זיין? כמעט אַ פערטעל יאָרהונדערט האָבען די דייטשישע יידען געטון אַרום איין זאַך—געשטרעבט אַריינצוקומען אין דער וועלט אַריין, זיין מיט אַלעמען גלייך: אין בילדונג, אין רעכט, און ווי ווייט מעג-

לעך, אויך אין גלויבען. קיין שום קרבן איז זיי דערביי נישט צו שווער געווען. עס האָט זיך געדוכט, אַז די גלייכקייט איז פאַק-טיש פאַרווירקליכט געוואָרען—אין די סאַלאָנען און דורך שמד—איידער נאָך זי איז יורידיש אָנערקענט געווען. און דאָ קומט דאָס 19-טע יאָרהונדערט און קערט אַלץ איבער. נאַפּאָלעאָן נעמט איין פּרייסען, שענקט בירגערליכע רעכט די דייטשישע פעלקער, וועלכע זענען ביז דאַן געווען בלויז טרייע אונטערטאַנען פון זייערע פירשטען. איינייגעם מיט אַנדערע באַקומען אויך יידען בירגער-רעכט. דאָס דויערט אָבער קוים 5—6 יאָר. די דייטשען פון אַלע „פּערציק דייטשישע פּאָטערלענדער“ פאַראייניגען זיך, און מיט דער הילף פון רוסלאַנד פאַרטרייבען זיי די פראַנצויזען פון זייערע לענדער. און הגם נישט ווייניק יידען באַטייליגען זיך אין דעם „באַפרייאונגס-קריג“, איז דאָך דער ערשטער פועל-יוצא פון דעם נצחון—אומקערען אַלע אַלטע אָרדנונגען, און איינייגעם דערמיט, אָפּנעמען בײַ יידען אַלע רעכט, וואָס נאַפּאָ-לעאָן האָט זיי געגעבען. איינייגעם מיט׳ן נצחון, וואַקסט אויך דער דייטשישער שאָוויניזם, איינייגעם מיט׳ן שאָוויניזם—דער האַס צו אַלץ, וואָס איז נישט דייטש, און קודם-כל צו יידען. די פילאָזאָפען: פ י כ ט ע און ש ל יי ע ר מ אַ כ ע ר פאַרטיפען דעם שאָוויניזם און דעם יידען-האַס. פּראָפעסאָרען פון דעם בערלינער אוניווערזיטעט שאַפען אַ גאַנצע אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור. נאָכ-מער. עס לעבען נאָך די מענטשען, וועלכע זענען יאָרען-לאַנג געווען גוטע געסט אין די יידישע סאַלאָנען—ווי אַ גענץ, פרינץ פרידריך און אַנדערע—און באַמיען זיך איצט וועגען דעם, אַז מען זאָל די יידען צוריק פאַרטרייבען אין די געטאָ׳ס—ווי דאָס איז אין דער צייט ווירקליך פאָרגעקומען אין איטאַליען—אין בנוגע צו יידען—ווידער איינפירען די געזעצען פון מיטעלאַל-טער. פון פיל פרייסישע שטעט טרייבט מען יידען אינגאַנצען ארויס. אין פראַנקפורט, האַמבורג, ליובעק און ברעמען ליידען יידען די ערגסטע פאַרפאָלגונגען. דאָס אייגענע, ווי באַקאַנט,

קומט פאָר אין איטאַליען. דער „ווינער קאָנגרעס״ ברענגט אויך ניִשט די יידען קיין רעאַלע פאַרבעסערונג, און אין יאָר 1819 קומען פאָר פשוט׳ע יידישע פּאָגראָמען אין פיל דייטשישע שטעט.

עס איז, אַלדזאָ, קלאָר, אַז אין אָט די גאַנצע פינצטערע פאָר צענדליק יאָר האָט ניִשט געקאָנט זיין קיין רייד פון אויפקלער־רונגס-אַרבעט, אָדער פון אַנ׳אויפקלערונגס-באַוועגונג. פאַרקערט, פיל קומען צו דער איבערצייגונג, אַז די השכלה, אַלס מיטעל צו ברענגען פאַר יידען די גאולה, האָט באַנקראָטירט. אַז די רעפאָרמירטע רעליגיע שאַפט אונדז ניִשט קיין לייטזעליקייט אין די אויגען פון נישט-יידען.

אָבער אָפּגעשטופּט פון דער אויסען-וועלט, אומקערענדיק זיך צוריק צו זיך מיט אַנ׳אויפגעקלערטען קאָפּ און אָפענע אויגען, הייבט מען אָן די אויפגעקלערטקייט פאַר זיך אָנצוווענ-דען, הייבט מען אָן אַריינצוטראָגען קלאָרקייט אין יענע געביטען פון דער יידישער קולטור, ווו ס׳איז ביז-איצט געווען טונקעל און אומקלאָר.

אין יאָר 1819 גרינדעט זיך אין בערלין אַ יידישער „קול-טור-פאַריין״ און בראש שטייען גאַנס, צונץ און מאָזער — מענטשען מיט טיפער פילאָזאָפישער בילדונג און מיט אַ גרויסער געניטקייט צו אַרבעטען לויט וויסענשאַפטלעכע מעטאָדען. מיט צוויי יאָר שפּעטער הייבען אין ווין אָן צו דערשיינען די יאָר-ביכער „בכורי העתים״ אויף העברעיש (1821—1831) אין נאָך מיט אַ יאָר שפעטער (1822) הייבט צונץ אָן אַרויסצוגעבען אין בערלין די „צייטשריפט פיר וויסענשאַפט דעס יודענטומס״.

דערמיט הייבט-זיך-אָן אַ נייע תקופה אין דער השכלה-באַ-וועגונג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז לכתחלה האָבען די וואָרטפי-רער פון דער נייער תקופה געגלייבט, אַז זיי קומען בלויז ווי-דער צו באַנייען און ווייטער צו פירען די אָפּגעשטעלטע אַר-בעט פון יענע, וואָס זענען געווען פאַר זיי. נאָך גלייבט צונץ, אַז די יידישע רעפאָרמאַציע, דאָס אָפשאַפען און ענדערען איי-

ניגע יידישע מנהגים וועט אונדז פאַרשאַפען ליבע אין אַכטונג
באַ די שכנים. אָבער מיט אַ קורצער צייט שפעטער שרייבט
צונץ: „איך בין איבערצייגט, אַז אונדזער האָפנונג אויף דעם
רעפאָרמירטען יידענטום איז אַ פאַלשע האָפנונג". זיין איצטיק
אַרבעטס-פראָגראַם איז—אָנווענדען די אייראָפעישע וויסענשאַפט-
לעכע מעטאָדען באַם אויספאָרשען דאָס יידענטום, און ממילא
שאַפען פון יידענטום גופא אַ וויסענשאַפט. נישט בלויז זיך, נור
מיר אַליין דאַרפען זען און פאַר זיך קלאָר מאַכען: אין
וואָס באַשטייט אונדזער קולטור; פון וועלכע זאַמען איז זי אויס-
געוואַקסען, פון וועלכע יסודות איז זי צוזאַמענגעשטעלט, וואָס
האָט זי געבראַכט און וואָס טראָגט זי מיט זיך אין לעבען אַריין,
און דאָס טוט ער. אונטער'ן איינפלוס פון שלמה לייב ראַפאָ-
פאָרט שרייבט ער אין יאָר 1822 די ביאָגראַפיע פון רש"י און
פאַרעפענטלעכט זי אין זיין צייטונג. דערמיט לייגט ער דעם ער-
שטען שטיין אין פונדאַמענט פון דעם גרויסען בנין, וואָס הייסט
„יידישע וויסענשאַפט", אָדער „חכמת ישראל", ביז אויפ'ן היינ-
טיקען טאָג.

דאָס אייגענע קומט אויך פאָר מיט'ן „בכורי העתים".
זיין ערשטער רעדאַקטאָר, דער, שוין פריער דערמאָנטער, לעצ-
טער רעדאַקטאָר פון „מאסף", שלום כהן, איז מער נישט אויסען,
ווי פאָרטצוזעצען די אַרבעט פון די „מאספים", נור אונטער אַ
נייעם נאָמען. נישט בלויז דאָס פראָגראַם פון די „מאספים" ווערט
איבערגעדרוקט אין „בכורי העתים", נור אויך גאַנצע אַרטיקלען
און שירים, וואָס זענען געשריבען געוואָרען מיט 15 און 20
יאָר פריער. און דאָס האָט זיך גוט געשיקט. וואָרום 99 פראָ-
צענט פון די מליצות—סיי אין פראָזע, סיי אין שיר—וואָס זענען
געדרוקט געווען אין די „מאספים", זענען נישט געווען פאַרבונ-
דען נישט מיט צייט און נישט מיט אָרט... די פירושים אויף
פסוקים, וועהין מען האָט זיך באַמיט אַריינצושמוגלען מאָדערנע
אידעען, האָט דעם עסטרייך־אונגאַרישען און בעמישען, און נאָכ-

מער דעם גאַליציאַנישען דורכשניטס-ידען, זייער גוט אימפּאָנירט. אין קיין אַנדער שאָלעכטס וואָלט ער די דאָזיקע אידעען אויף קיין פאַל נישט פאַרדייט. די ערשטע צייט דרוקט מען דאָרט אויך גאַנצע אַרטיקלען אין דער דייטשישער שפּראַך, נור מיט ידישע אותיות, כדי דורכדעם צוצוציען דעם ידען צו דייטש. אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מער באַפרייט זיך דער „בכורי העתים" פון די „מאספים" און זייער השכלה-אויפפאַסונג. ער הערט אויף צו רעדען פון אויפקלערונג גופא. די לעצטע יאָרען געפינען מיר שוין דאָרט וויכטיקע אַרטיקלען אין „ידישער וויסענשאַפט" פון ש. ל. ראַפּאָפּאָרט, י. ש. רעגיו, שמואל דוד לוצאַטו און אַנדערע. די „בכורי העתים"—ווי דער „מאסף" אין זיין צייט—גילטען אויך ווידער, ווי אַ פאַראייניגונגס-צענטער פאַר די משכילים אין עסטרייך-אונגאַרן, בעמען, גאַליציען, איטאַליען און פּוילען. דאָס גרעסטע האָט געליפערט גאַליציען דורך ראַפּאָפּאָרט'ן —איינער פון די זיילען פון דער ידישער וויסענשאַפט ביז אין אונדזערע טעג, און איינער פון די, וואָס האָבען אַמ'מייסטען אויפקלערעריש געווירקט אויף בריימע שיכטען פונ'ם אָרטאָדאָקסישען ידענטום. נישט ווייניקער וויכטיק פאַר דער אויפקלערונגס-באַוועגונג זענען אויך געווען די איטאַליענער לוצאַטו און רעגיו. רוסלאַנד איז נאָך דעמאָלט, אין דעם פּרט, נישט געקומען אין באַטראַכט. אין „בכורי העתים" געפינען מיר בלויז צוויי שירים, געשיקט פון רוסלאַנד: איין שיר פון אומאַן, אַ הספד פון עפּעס אַ שילער אויף זיין געשטאָרבענעם חבר, אַ צווייטער פון לוצק, אַנ'איבערזעצונג פונ'ם רוסישען פּאָעט כעראַסקאָוו.

די לעצטע יאָרען „בכורי העתים" פון איין זייט, די „צייטשריפט" צונצ'ס פון דער אַנדער זייט, שמידען די פאַרבינדונג צווישען אייראָפּעיזם און ידענטום אין ידענטום גופא. אויפגעקלערט און באַלויכטען ווערט דער תלמוד, ווערט די ידישע מיטעלאַלטערלעכע ליטעראַטור, די ידישע תפילות און דרשות. אויף דער ליטעראַרישער בימה קומט אינגיכען אַרויף דער

פילאָזאָף קראָכמאַל, דער סאַטיריקער ערטער,—ביידע גאַליציאַנער, וועלכע בלייבען, יעדער אין זיין אַרט, די קלאַסיקער אין דער יידישער ליטעראַטור. דער לעזע-שטאָף ווערט אַלץ ערנסטער, אַלץ טיפער און פעסטער, דער לעזער-קרייז—אַלץ ברייטער. די אַזוי גערופענע גאַליציאַנישע השכלה-ליטעראַטור קומט דורך בראָד קיין וואָלין און רוסלאַנד, די דייטשישע—דורך ברעסלוי-קעניגסבערג קיין ליטע און פוילען.

און אין דער צייט, וואָס מיר האַלטען איצט—ענדע די 30-קער יאָרען פון 19-טען יאָרהונדערט—געפינען מיר שוין טיכטיקע משכילים אין וואָלין. אין יאָר 1828 פאַרעפענטלעכט יצחק-בער לעווינזאָן זיין „תעודה בישראל". אין ווילנע געפינען מיר אַ גאַנצע גרופּע משכילים, ווי מרדכי-אהרן גינצבורג, אדם הכהן לעבענסאָן, שמואל יוסף פין און אַנדערע. פון איצט-אָן הייבט-זיך-אָן אין רוסלאַנד אויך השכלה-באַוועגונג, וואָס וועט באַשריבען ווערען אין אַ באַזונדער ווערק.



# די ווערק,

וועלכע זענען באַנוצט געוואָרען באַם שרייבען די בראָשור:

## „די השכלה־באַוועגונג באַ ייִדען"

1) מאָזעס מענדעלסאָן; Sämtliche Werke, Wien, 1838

2) ד״ר מ. קײַזערליִנג; Moses Mendelssohn, Sein Leben und seine Werke, Leipzig, 1862.

3) מאַקס ווייסענבערג; Die Neuhebräische Aufklärungsliteratur in Galizien, Wien und Leipzig, 1898.

4) גרעץ; דברי ימי ישראל, כרך ט. תרגום י. א. טריוואַש, וואַרשע 1909.

5) ד״ר ש. בערנפעלד; א) דור תהפוכות מחברת ראשונה ומחברת שניה, הוצאת „תושיה" וואַרשע, תרנ״ז. ב) תולדות הריפורמציה הדתית בישראל. הוצאת אחיאסף, קראָקע, תר״ס.

6) בן־ציון כץ; „תולדות השכלת היהודים ברוסיא" מאסף „הזמן", פטרבורג 1903.

7) פּראָפעסאָר ד״ר מאַרטין פיליפסאָן; די נייסטע געשיכטע פונ׳ם ייִדישען פאָלק. רוסיש פון שערעשעווסקי, אָדעס.

8) ש. ציִנבערג; די געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד. (רוסיש), פּעטערבורג, 1915.

9) מ. קולישער: אַנ׳איבערבליק איבער דאָס לעבען און טעטיקייט פון מענדעלסזאָן, (רוסיש) „ראַזסויעט“, 1879.

10) יעבץ: „מגדל המאה“, מאסף „כנסת ישראל“ מאת שפ"ר. וואַרשע, תרמ"ז.

11) פראָפ. י. קולישער: „תעשית חמשי בפרוסיה במאה הי"ח והיהודים“, „העבר“, כרך ב׳ פטר.גרד 1918.

12) י. לעווין: „הסלונים היהודים באשכנז“ במאה הי"ח, „חעבר“, כרך א׳ פטרוגרד 1918.

13) ש. דובנאָוו: די נייסטע געשיכטע פונ׳ם יידישען פאָלק (1789—1881), פעטערבורג, 1914 (רוסיש).

14) ש. גינזבורג: די פאָטערלענדישע מלחמה און יידען (רוסיש), פעטערבורג, 1913.



# אינהאַלטצעטעל:

